# פאָרוואָרט

יעקב דינעזאָן איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1856 אין ניי־זאַנער, קאָוונער געגנט.

זיינע באַקאַנטסטע ווערק זיינען: „דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק", וואָס איז דערשינען אין ווילנע אין יאָר 1877. דאָס בוך האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלן דערפאָלג. אין משך פון אַ קורצער צייט איז עס זיך צעגאַנגען אין צען טויזנט עקזעמפּלאַרן; דערנאָך „אבן נגף, אָדער אַ שטיין אויפן וועג" — דערשינען אין ווילנע אין יאָר 1890, און „הערשעלע" — דערשינען אין וואַרשע אין יאָר 1891.

דינעזאָן האָט אויך אָנגעשריבן אַ גאַנצע ריי קינדער־דערציילונגען, צווישן זיי צייכנט זיך באַזונדערס אויס די דערציילונג „יאָסעלע", וועלכע ווערט באַטראַכט פאַר דינעזאָנס שענסט ווערק.

אין כמעט אַלע זיינע ווערק באַמיט זיך דינעזאָן אַרויסצורופן ביים לייענער ליבע און רחמנות צו די אָרעמע און שוואַכע, און שנאה און פאַראַכטונג צו די שלעכטע און פאַלשע. ער פליסט זיך אויך צו פאַר־שפּרייטן די אידעען פון בילדונג צווישן אָפּגעשטאַנענעם יידישן עולם.

די דאָזיקע אייגנשאַפטן פון דינעזאָנס שאַפן זעען מיר אויך אין דער דערציילונג „יאָסעלע". אמת, די בילדער פון דעמאָלטיקן יידישן לעבן, וועלכע דינעזאָן שילדערט אין „יאָסעלען", פאַרמאָגן שוין נישט אין זיך דעם שטאַרקן פּראָטעסט קעגן די גבירים און קהלשע לייט, ווי מיר זעען דאָס אין זיינע ערשטע ווערק (למשל, אין דער ערשטער אויפלאַגע פון „שוואַרצן יונגערמאַנטשיק").

מערסטנטייל באַמיט זיך דאָ דינעזאָן צו וועקן רחמנות ביים לייענער אויף דעם אָרעמען יתום, אײדער ווי צו באַווייזן די פאַלשקייט און האַרצ־לאָזיקייט פון דעם יידישן גביר בכלל אין זיין באַציונג צום אָרעמען מענטשן. דאָך ווערט אין דער דערציילונג באַוויזן זייער בולט די טרויע־ריקע לאַגע, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען אין יענער צייט דאָס אָרע־מע יידישע קינד. עס האָט געמעגט האָבן דעם שטאַרקסטן ווילן און די

בעסטע פעיקייטן, אָבער לערנען זיך האָט עס נישט געקאָנט, עס האָט קיין מעגלעכקייטן דערצו נישט געהאַט. לערנען זיך האָבן בלויז געקאָנט די רייכע קינדער. אַן ענלעכע לאַגע איז אויך איצט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אויף בילדן זיך קאָנען זיך פאַרגינען בלויז די רייכע. די אָרעמע דאַקעגן, מוזן שוין פון דער פריעסטער יוגנט זאָרגן בלויז אויף דעם שטיקל ברויט.

אונדזערע קינדער אין נייעם, באַפרייטן פוילן, וועלכע האָבן אַלע מעגלעכקייטן זיך צו לערנען און בילדן, וועלן, איבערלייענענדיק די ראַזיקע טרויעריקע געשיכטע פון פאַרגאַנגענע צייטן, נאָך בעסער פאַרשטיין, פאַרוואָס זיירע טאַטעס האָבן פאַר אַזא פוילן געקעמפט — וועלן בעסער און קלאָרער פאַרשטיין זייער איצטיק גליק.

יעקב דינעזאָן איז געשטאָרבן אין 1919 און באַערדיקט געוואָרן לעבן זיין גרויסן פריינד י. ל. פּרץ אויף דעם גענשער בית־עולם אין וואַרשע. אויף זייערע קברים, ווי אויך אויף דעם קבר פון אַנסקין, איז אין יאָר 1925 אויפגעשטעלט געוואָרן דער מאָנומענט „א ה ל פ ר ץ".

פון די בגידישע ווייבער, ביי וועלכע כיענע איז אן איינגייערקע געווען, האט זי פיל מאל געהערט וואס פארא קלוגער טייערער מלמד בערל נאמן איז, ווי ער ווייסט זיך מיט די קינדער צו באגיין און ביי אים טוען זיי טאקע א פעולה, איז ביי איר געבליבן יאסעלען, טאקע אוועקגעבן צו אים אין חדר. זי האט אפילו געוווסט, אז בערל איז נישט קיין וואלוולער מלמד, נאר „ווי מען נעמט זיך פאר, אזוי העלפט גאט!", וועט ער מסתמא העלפן מיט א פאר רובל א זמן מער, און זי האט יאסעלען אוועקגעפירט צו ר' בערלן.

בערל האט זי אנגעקוקט מיט פארוווּנדערונג, או זי האט אים געמאלדן: זי וויל איר יינגל צו אים אין חדר אריינגעבן, און האט איר געענטפערט, אז ער האט שוין די צאל פון זיבנע תלמידים פארפולט און קאן שוין מער קיין יינגלעך נישט צונעמען.

— וואס הייסט איר האט שוין אייער חדר פול? — האט כיענע געטענה'ט — ווו שטייט עס געשריבן, או ניין תלמידים מוז א רבי האבן און א צענטן טאר ער שוין נישט?".

— איך קאן נישט, ווי איך בין א ייד, איך קאן נישט! — האט ר' בערל געשווירן.

— פאר וואס?

— הייבט גיי דערציילן א יידענע, פאר וואס? — האט זיך ר' בערל אנגערופן.

— ר' בערל, פרייער גאט דערנאך איר! דאס קינד איז מיין גאנץ לעבן — האט כיענע אנגעהויבן מיט היץ — א האלב לעבן קאסט ער מיך שוין און נאך א האלב לעבן בין איך גרייט אלע מינוט פאר אים אוועקצוגעבן; איך מיין נישט, חלילה, אומזיסט מיט מיין קינד לערנען; וואס זענט איר מיינער? נישט קיין קרוב, נישט קיין גואל, און איר דארפט האך טאקע לעבן ר' בערל, זאג איך אייך, אז אייער שכר־לימוד וועט אייך אין חדר אריינגעטראגן ווערן יעדן ראש־חודש מיט דאנק! איר האט אפשר מורא, איך בין אן אריעם־מענטש, און וועט פרעגן, ווי וועל איך נעמען? זאג איך אייך, אז דער גאט, וואס שפייזט מיך און גיט מיר

כוח צו האַרעווען פאַר מיין קראַנקן מאַן און פאַר מיינע עלנטע קינדער, וועט מיר כוח געבן אויסצוהאַרעווען די עטלעכע רובל שכר־לימוד פאַר מיין קינד...

— קאָן שוין אייער יינגל עפּעס? האָט ר׳בערל געפרעגט — טאָמער וועט ער זיך קאָנען אָפּטשעפּען פון איר מיט דעם תירוץ, אז דאָס קינד קאָן נאָך גאָר נישט, און פאַר אים איז דערווייל גענוג א קלענערער מלמד.

— פאַרהערט אים, און זעט אַליין, וואָס פאַר א ווויל יינגל דאָס איז; מיט אים וועט איך א תענוג זיין צו לערנען!

בערל האָט צוגערופן יאָסעלען, אים פאַרהערט און האָט זיך באמת געוווּנדערט ווי דאָס קינד ווייסט און געדענקט אַלץ, וואָס ער האָט ביז איצט געלערנט און קאָן שוין מער פון זיינע אַלע חדר־ייִנגלעך. ער האָט יאָסעלען א גלעט געטאָן איבערן קעפּל און געזאָגט:

— אווויל יינגל, גאָר א ווויל יינגל, א שאָד בנאמנות, א שאָד!

כיענע'ן זיינען אזש טרערן אַרויס פון די אויגן, הערנדיק ווי ר׳ בערל לויבט איר קינד.

— וואָס ענטפערט איר מיר איצט, ר׳ בערל?

— ווייסט איר וואָס איך וועל אייך זאָגן — האָט ר׳ בערל נאָך עט־לעכע מינוט ישוב הדעת געזאָגט — איך האָב רחמנות אויף אייער יינגל, איך האָב רחמנות טאַקע אויף אייך אויך. איך וואָלט אוודאי נישט קוקן אויף אייערע עטלעכע רובל שכר־לימוד, וואָס וועט אָבער מיין ווייב זאָגן? און איר איז אויך נישט צו פאַרדענקען, זי ווייסט, אז אָן געלט גייט דער גוי די קאַרטאָפל נישט, קיין העגעל האָלץ נישט, און דער קרעמער — קיין ברויט און קיין גרויפּן נישט. דירה־געלט מוז מען צאָלן, פאַר־שטייט איר? אוודאי ברויכט איר גוט, גוט איך זינען האָבן, אז מיינע צען רובל א זמן זאָלן מיר באַצאָלט ווערן. מיט אייער יינגל, פאַרשטייט איר מיך, מוז מען טאַקע גאָר אנדעריש לערנען; בגידישע קינדער ברויכן נישט פיל, פאַר זיי איז נאָך די והותר, וואָס איך לערן מיט זיי; מיט אייערן מוז מען נאָך א סך לערנען, ווי איך פאַרשטיי לערנען! אָבער איין זאַך שטייט מיר נאָך אין וועג: צי וועט עס די טאַטע־מאַמעס פון מיינע תלמידים אַנשטיין, אז אייער יינגל זאָל לערנען אין איין חדר מיט זייערע קינדער?...

— פאַר וואָס זאָל זיי נישט אַנשטיין? — האָט כיענע אָן אָנגעצונ־דענע געפרעגט — איז אפשר מיין יאָסעלע נישט אזא כשר קינד ווי זייערע קינדער?

בער האט פארשטאנען, ער וועט זיך נישט אויסטענהן מיט איר. דעריבער האט ער איר קורץ און שארף געזאגט:

— ווילסט איר איך זאל אייער יונגל אין חדר אריינעמען, מוזט איר גיין צו מיינע באלעבאטים, און טאקע דער עיקר צו די באלעבאסטעס און פועלן ביי זיי, אז זיי זאלן קיין טענות נישט האבן דערנאך!...

געבעט, רייד, תחנונים און ברכות האט כיענע געקאסט, ביז שיינ־דעלע די בעל־טאקסעטע האט איינגעוויליקט, אז פון איר איז קיין מניעה נישט, נאר, אז כיענע זאל איר צוזאגן איר יאסעלען צו פירן ריין און ציכטיק, און בערל זאל איר מבטיח זיין, אז ער וועט אכטונג געבן, יאָ־סעלע זאל זיך נישט צופיל חברן מיט איר לייבעלען, און זען, ער זאל ביי אים אין חדר קיינמאל נישט אויסנארן, נישט פון דעם עסן, נישט א קאפיקע מזומן, וואס זי גיט לייבעלען מיט אין חדר אריין.

אז שיינדעלע האט אזא תנאי אויסגענומען און מסכים געווען, האבן שוין די איבעריקע מאמעס פון בערל'ס תלמידים אויך דאס זעלבע גע־זאגט, און אין א שיינעם פרימארגן האט כיענע איר קינד ארומגעוואשן, עס אנגעטאן אין א נײַ רעקל, וואס זי האט אים נאך טעכטן פאר גאנצע צען גילדן געקויפט און אים אנגעזאגט, אז פון היינט אן וועט ער מוזן אלע טאג פריער אויפשטיין און גיין צו ר' בערלן אין חדר אריין.

„זע־זשע, מיין קינד — האט זי מיט טרערן אין די אויגן אים אנגע־זאגט — איך טו איצט פאר דיר א סך מער ווי מיינע כוחות זיינען... צען רובל א זמן האב איך זיך מתחייב געווען, און מיין קאפ וועט זיך געווינג טריקענען און דארן ווו די צען רובל צו פארדינען! איך וועל נישט דער־עסן, נישט דערשלאפן, מיין קינד, איך זאל פאר דיך לערנען דעם רבין נישט שולדיק בלייבן; זע־זשע מיין קינד, מיין קרוין, צו ווערן לערנען! דאס איז די איינציקע טרייסט מיינע אויף דער וועלט און מיין גאנצע נחמה אויף יענער וועלט. נישט אויף דיך טאטן דעם קראנקן, נעבעך, קאנסטו בויען, נישט אויף מיר, כאטש דער אימפעט טראגט מיך נאך מיינע וויטיקן צו פארגעסן און איך אלעמען מיט עסן צו פארזארגן — קאנסטו ווארטן, איך זאל דיר נאך גוטס טאן און דיר ליכטיק מאכן דיין פינצטערע וועלט?”

כיענע האט עס מיט טרערן גערעדט. יאסעלע, אויף איר קוקנדיק, האט אויך געוויינט, און אז זיי האבן ביידע די טרערן זיך אפגעווישט, האט כיענע יאסעלען צו רבי בערלען אין חדר אריינגעפירט.

אין אנהייב איז ר' בערל מיט יאסעלען זיך באגאנגען ווי מיט אלע תלמידים, און פלעגט אים שטענדיק ארויסשטעלן פאר א מוסטער קעגן

אנדערע קינדער, זיי צו ווייזן, ווי אזוי מען דארף א רבין פאלגן און ווי אזוי מען ברויכט צו געדענקען וואס מען לערנט, נאר ווי מיט אן ארעם קינד אן איינגעבעטענעם ביי איר מאן אין חדר, האט די רביצן זיך אנגעהויבן שאפן מיט אים, אמאל אין קרעמל נאך זאלץ און נאך גרויפן און אמאל אויך איר חיהלען צו וויגן, ווען זי האט קיין צייט נישט געבן וויג צו זיצן. מיט דער צייט איז זי דערצו אזוי צוגעוווינט געווארן, אז זי פלעגט שוין מיט א טענה אנפאלן אויף איר מאן, וואס ער האלט יאסעלען אמאל צו לאנג ביים חומש, בעת אין שטוב איז נאך א ברעקל האלץ נישט אריינגעטראגן געווארן מיט וואס ווארעמעס צו קאכן. ביסלעכווייז האט זיך אויך ר' בערל אליין צוגעוווינט אויסצונוצן פון יאסעלען, צו פארגעסן אמאל צו לערנען מיט אים, און אמאל, אז ער איז אין כעס געווארן אויף לייבעלען, שיינדעלעס דער בעל־טאקסעטעס, געכאפט דעם קאנטשיק אים מכבד צו זיין, און זיך אבער דערמאנט, אז דאס איז לייבעלע, דאס ציטעריק נאכגעגעבענע לייבעלע, און ער וועט ביי שיינדעלען דעם גאנצן חן פארלירן פאר אזא קלאפ, האט ער די האנט פארמעלעך אראפגעלאזן אויף יאסעלען און זיך באלד פארענטפערט, אז נישט אים, נאר לייבעלען האט ער געמיינט צו טרעפן. יאסעלע אליין האט אויך פארשטאנען, אז דאס איז על פי טעות געווען, בפרט אז דער רבי האט דעם שמיץ אזוי מיט רחמנות אראפגעלאזן, אז אים האט עס נישט שטארק וויי געטאן. האט ער נישט געוויינט און קיין טענות נישט געהאט, נאר דער טעות האט אנגעהויבן זייער אפט פארצוקומען און פון איינמאל צום אנדערן — אלץ שטארקער און שטארקער. יאסעלע האט שוין געפרווט וויינען, שרייען, גאר שוויגן און נאר כליפן — פארפאלן! ר' בערל איז צו דעם טעות אזוי געוווינט געווארן, אזוי ווי יאסעלע וואלט טאקע לכתחילה צוליב דעם נאר באשאפן געווארן, זיין קאנטשיק זאל שטענדיק אומגערן אים טרעפן, ער מעג זיך צילן אויף וועמען ער וויל.

דאס ארעמע קינד האט געוווסט, אז ער איז נישט שולדיק, אז ער האט דעם קאנטשיק נישט פארדינט, נאר אז שולדיק איז דער רבי, האט ער נישט פארשטאנען. ערשטנס, זאגט דער רבי אליין, אז דאס איז אומגערן, צווייטנס, איז ער געוווינט געווען נאך פון דער היים, אז אים זאל מען שלאגן, ער האט כמעט קיינמאל נישט געוווסט פאר וואס שלאגט אים דער טאטע, ער האט נאר געוווסט, אז ווען אים טוט וויי, גיט ער א געשריי ווייניט און כליפעט, כאטש ער וויל נישט שרייען, וויל נישט וויינען און כליפן... נאר אין די עטלעכע לעצטע טעג האט ער פונדעסטוועגן דערפילט, אז אים ווערט וואס א טאג פיל ערגער. שוין צוויי חדשים, אז כיע־

נע האָט נישט פאַרדינט אַ קאָפּיקע אַן איבעריקע, דעם רבין זיין שכר לימוד צו שיקן, און ר' בערל האָט שוין געהאַלטן פאַר פאַרפאַלן און גערעכנט, ער לערנט מיט יאָסעלען אומזיסט. „און פאַרוואָס זאָל איך לערנען אומזיסט!" פלעגט ער צו זיך רעדן און די כוונה אַריינלייגן אין קאַנטשיק און אין די ריטער, אַז עס איז אַן עוולה פון ביענען, וואָס זי צאָלט אים נישט. איך האָב פריער געזאָגט, אַז איך קאָן מיט איר יאָסעלען אומזיסט נישט לערנען?... געמיינט האָט ער, יאָסעלע וועט דאָס דערציילן דער מאַמען, און זי וועט פאַרשטיין, אַז דער רבי איז אין כעס. „זאָל זי מיר צאָלן! — פלעגט ער צו זיך רעדן — נישט איך האָב איר געבעטן איר קינד צו מיר אין חדר אַריינגעבן, זי האָט נישט אָפּגעטרעטן און איך האָב אים מיט גוואַלט ממש אַריינגענומען, דאַרף זי מיר צאָלן, אַז נישט זאָל ער גיין געזונטערהייט, וועל איך פאַרשפּאָרן שטענדיק אַכטונג געבן, ער זאָל די מזיקים מיינע צוריק נישט אַ קלאַפּ טאָן, ווען זיי שלאָגן אים, טאַקע אַ שטילער און טשעפּעט זיך מיט קיינעם, אָבער אַזעלכע מזיקים, אַז זיי קאָנען מיך אַרויסברענגען פון געדולד, איז ער דאָך נישט מער ווי אַ קינד און קאָן אַמאָל וועמען פון זיי אַ קלאַפּ טאָן, אַ סימן מאַכן, און דאָס פעלט מיר נאָך!... איך האָב שוין אַזוי אויך פון שיינדעלן, פאַר דער טובה, וואָס זי האָט מיר געטאָן, מיר מיט אַ האַלבן מויל דערלויבט דאָס אָרעמע קינד אין חדר אַריינצונעמען! מיט אַזעלכע דבורים פלעגט ר' בערל פאַר זיך אַליין פאַרענטפערן זיך, וואָס ער פּייניקט אַזוי דאָס אָרעמע קינד, וואָס ער לאָזט דאָס ווייב זיינס זיך שאַפן מיט אים ווי מיט אַן אומזיסט משרתל, און וואָס ער לאָזט צו אָפּט, אַז אויך זיינע תלמידים זאָלן שלאָגן דעם אָרעמען האַלב־הונגעריקן יאָסעלען, ווייל ער איז אָרעמער פאַר זיי!

יאָסעלע אָבער האָט זיין מאַמען פון חדר גאָרנישט נישט אויסגעזאָגט. ערשטנס, טאָר מען פון חדר נישט אויסזאָגן, צווייטנס, האָט ער אויף דער עלנטער מאַמען אַזאַ רחמנות געהאַט, אַז ער האָט נאָר געקאָנט ווינען קוקנדיק ווי זי וויינט, און האָט שטענדיק זיינע אייגענע פיין און ליידן פאַרגעסן.

— צו וואָס באַשאַפט גאָר גאָט אַ קבצן, אַן אָרעמען אויף דער וועלט? — הערט ער אָפט קומענדיק פון חדר אַהיים די מוטער טענהדיק און וויינענדיק — צו וואָס גיט ער אַזוינעם קינדער אויף צרות און פיין, אויף הונגער און קעלט, אַז ער גיט אים נישט מיט וואָס זיי צו דערנערן, מיט וואָס זייער נאַקעטקייט צוצודעקן, זיי זאָלן נעבעך פון קעלט נישט אומקומען? — עסן, מאַמע עסן! בעטן זיי די הונגעריקע מאַמען זיי־

ערע... עסן! נאט, עסט מיין פּליש, מייך הויט אויף מיינע ביינער, איך וועל קיין גרעסערן ווייטיק נישט פילן ווי דער ווייטיק מייטער, וואָס איך האָב אייך נישט וואָס צו געבן!...

דערזעענדיק יאָסעלען, אריינקומענדיק א פארשמאכטן פון חדר, פרעגט זי: וואָס זאָל איך דעם אָרעמען קינד געבן? פון אכט אינדערפרי ביז נייך בייגאכט איין חדר געזעסן, א פארטרוקנטער, הונגעריקער בע־בעך, אָט איז ער צו דער מאמען געקומען זיך אָפּפאַסטן פון זיין נישט געבאָטענעם טענית, און די מאַמע, די פּבצטערע, האָט הייגט אפילו אויף א פונטל ברויט נישט פארדינט, כאָטש זי איז מיילן אויסגעלאָפן פון איין נגידה צו דער צווייטער. גאָט זאָל שוין דיין עלנט און מיין צער צוזען אמאָל, אָרעם קינד מיינס! „נישטאָ הייגט קיין וועטשערע, לייג זיך שלאָפן, יאָסעלע א הונגעריקער — אָרעם עופעלע!”... דערביי צעווייגט זי זיך אזוי, אז ער פארגעסט זיין הונגער און וויינענדיק ענטפערט ער:

— מאמע, איך וויל נישט עסן, איך וויל נישט עסן, וויין נישט, וויין נישט מאמע!...

אַן אנדער מאָל געפינט ער די מאמען, ווי זי זיצט איבערגעבויגן אי־בערן וויגעלע, וווּ זיינע צוויי ברידערלעך, הער צווילינג, ליגן, ביידע טויט־קראנקע גבעך, זי ברעכט די הענט, גרויסע קיילעכדיקע טרערן קייקלען זיך אייבע נאָך דער אנדערער איבער אירע אָנגעצויגענע באקן, און זי טענהט: „אָרעמע עופהלעך מיינע! צו וואָס האָב איך אייך אויף דער־וועלט געבראכט? וואָס האָב איך צו אייערע כשרע נשמהלעך געהאט? פארברענט, פארשרפהט זיינען די ליפּעלעך אייערע, אויסגעטרוקנט, אויסגעמאָגערט די ביינדעלעך, א העליש פייער ברענט אייער לייבעלע און עסט עס אויף ווי א ליכט! אוי, אַן אייזערן הארץ מוז צעגיין, צע־שמאָלצן ווערן, קוקנדיק אויף אייך, און ווי זאָל א מאמעס הארץ עס זעענדיק נישט צעשפּרונגען ווערן, אומשולדיקע נפשותלעך!”

און די אומגליקלעכע מוטער הויבט אָן צו רייסן די האָר פון איר קאָפּ פאר ווייטיק. יאָסעלע וויינט זיך אויך פאנאנדער, נאָר די מאמע, נישט פילנדיק זיך אליין, גיט א געשריי אויף אים:

— דו האָסט מיר נאָך געפעלט? ווייניק צרות אפשר האָב איך חוץ דיר? אָט שטייט עסן, עס אָפּ און לייג זיך שלאָפן! נאָר יאָסעלע וויינט ווייטער, און כיעגע לאָזט אויס איר הארץ צו אים, שלאָגט אים, קנייפּט אים, זי ווייסט אליין נישט פאר וואָס. יאָסעלע לאָזט זיך שלאָגן, קנייפּן, קושט דער מוטערס הענט. אים דאכט, אז איר איז עס גוט, ער פילט אליין, אז דאָס הערצל, וואָס האָט אים געקלעמט פון רחמנות, ווערט אים, רויקער.

די מוטער הערט אויף צו וויינען, ער לייגט זיך שלאָפן, כדי מאָרגן קיין פריילעכערן, בעסערן טאָג נישט צו האָבן ווי היינט.

---

איינמאָל גייענדיק א הונגעריקער און א פארקלעמטער פון חדר אהיים, האָט יאָסעלע עפּעס אויפגעהויבן אין גאַס. ער האָט געפילט, אז אין דעם עפּעס איז דאָ געלט, און איז אָן אָטעם אַהיים געלאָפן.

— מאמע, זע, וואָס איך האָב געפונען — האָט ער, פארשוויצט און פארמאַטערט פון לויפן קוים ארויסגערעדט.

כיענע האָט עס צוגענומען. עס איז א ביטעלע געווען מיט עטלעכע רובל. זי האָט באלד די טיר צוגעשפּארט, א זייטיקער מענטש זאָל נישט אריינקומען, און גענומען דורכזוכן די מציאה. א רעכט ביסל זילבערגעלט און א פּאָר פּאפּירלעך־בילעטן, אינאיינעם א רובל צוועלף.

— ווו האָסטו עס געפונען? — האָט ברוך יאָסעלען געפרעגט.

— אין גאַס, לעבן חיים שענקערס!

— אין גאַס, אין רשות הרבים נעבן חיים שענקער, און היינט איז א יאריד, איז טאקע א כשרע מציאה! — האָט ברוך געלערנט דעם פּשט — על כן, כיענע — זאָגט ער — וואָלט א יושר זיין, דו זאָלסט מיר מאָרגן קויפן א פּאָר נייע שיך, איך האָב שוין נישט מיט וואָס אפילו אין שטוב ארומצוגיין.

— מיט שיך וועסטו נישט פארזוימען — האָט כיענע געענטפערט — פריער פאר אלץ נעם איך אראָפּ פיר רובל און שיק מיט יאָסעלען זיין רבין אוועק. און אז שוין יאָ קויפן שיך, וועל איך קויפן יאָסעלען א פּאָר נייע שיכלעך: ער דארף אין חדר גיין, און דאָס הארץ איז מיר גע־נוג אויסגעריסן זעענדיק, ווי די פינגערלעך קוקן אים שוין ארויס פון זיינע שיכעלעך... פארוואָס זאָל מיין קינד פארשעמט ווערן! ער לערנט דאָך פאָרט אין א נגידישן חדר! נאָך דעם וועל איך מאָרגן אויפן יאריד קויפן א ביסל קארטאָפל, האָלץ, קאָרענע מעל א פּאָר פונט, וועט כאָטש זיין ברויט אין שטוב, און עס וועט נאָך עפּעס בלייבן בין איך בילעכער פאר דיר, מיר א פּאָר שיך צו קויפן. דו זיצסט פאָרט אינדערהיים, איך אָבער מוז לויפן פארדינען א קאָפּיקע.

— זיך און איר בן! — האָט ברוך געוואָרטשעט פאר זיך! איך ברויך שוין גאָר נישט... גאָר נישט!... גיט דעם רבין דריי רובל, וועט אים אויך געננוג זיין, און פאר א רובל קויף מיר א פּאָר שיך!

— וואָס זאָל איך מיט דיר טענהן — האָט זיך כיענע נישט געקאָנט איינהאַלטן — זעסט דען נישט, אַז גאָט האָט עס צוגעשיקט אין גאַנצן אפשר צוליב דעם רבינס שכר־לימוד. ווי אַ מענטש נעמט זיך פאַר, אַזוי העלפט אים גאָט! איך האָב זיך פאַרגענומען צו צאָלן פאַר מיין קינד שכר־לימוד, אָט האָט ער יאָסעלען טאַקע אליין זיין רבינס שכר־לימוד אין האַנט אַריינגעשיקט.

אויף מאָרגן פרי האָט כיענע איינגעבונדן אין יאָסעלעס אַרבע־כנפות אַ דריי רובלדיקן בילעט מיט אַ רובל זילבער־געלט איינגעוויקלט אין אַ פאַפּירל, געהייסן דאָס אָפּגעבן דעם רבין און נישט דערציילן קיינעם קיין מעשׂות וואָס ער האָט געפונען. אליין איז זי אַרויסגעלאָפן אין מאַרק עפּעס איינקויפן אין שטוב אַריין. יאָסעלע האָט דעם רבין אָפּגעגעבן דאָס געלט, דער רבי האָט אים אַ גלעט געטאָן און געזאָגט, אַז ער איז גאָר אַ וווי־לער ייִנגל! האָט מיט אים היינט געלערנט, אַ סך געלערנט, און נישט געגעבן קיין איין קלאַפּ, קיין איין שמיץ, נישט געהערן נישט אומגעהערן. — די רביצן האָט זיך אויך נישט געשעמט היינט מיט אים, אין קרעמל איז זי אַליין געגאַנגען, און נאָך אַ פאַר מינוט האָט ער נאָך צוגעוויגט דאָס קינד, און דאָס האָט די רביצן אים געזאָגט: לאַנג לעבן זאָלסטו יאָ־סעלע, וואָס פאַר אַ גוט קינד דו ביזט, און איך האָב דיך טאַקע אמת ליב!

וואָרעמעס איז ער אויך געגאַנגען עסן מיט אַלע ייִנגלעך צוגלייך. נאָך אין דער פרי האָט אים די מאַמע אָנגעזאָגט, ער זאָל קומען עסן, היינט קאָכט זי וואַרימעס, כאָטש זי האָט אים אין חדר מיטגעגעבן אַ מזומנע קאַפּיקע זיך וואָס צו קויפן, ווען דאָס הערצל וועט אים חלשן. און ווי איז צו אים דער טאַטע היינט געווען! כיענע האָט אַ מציאה געהאַנדלט: פאַר צוועלף גילדן האָט זי געקויפט אַ פאַר ווייבערישע שיך פאַר זיך און אַ פאַר ווייבערישע פאַנטאָפל פאַר איר אַלטן. „אויף אים אויך אַ רחמנות!" האָט זי געזאָגט. און אַ וואָרעמעס איז געווען גאָר אַ גוטער, מילכיקע פאַרפל, וואָס יאָסעלע האָט עס זייער ליב געהאַט.

אויף מאָרגן און איבערמאָרגן אויך אַזוי. אַ פאַר נייע שיכעלעך האָט די מאַמע פאַר אים געקויפט און הייזלעך נייען האָט זי אַליין אויפגעבייט. דער שכן, דער שניידער, האָט איר, פאַר אַ גוט וואָרט, צוגעשניטן, און אויך דער רבי איז גוט, גלייך ווי די פיר רובל זיינע האָבן אַפילו דעם קאַנטשיק זיינעם אויסגעלערנט, ער זאָל מער קיין טעות נישט האָבן. אַפי־לו אין חדר איז שוין גאָר אַנדערש: אַז דער רבי איז גוט, זיינען זיינע תלמידים אויך נישט שלעכט, הונגערן הונגערט מען שוין מער נישט, און

קומט ער אַהיים איז ווידער גוט, די מאַמע וויינט נישט, דער טאַטע שעלט נישט, אַפילו הוסטן הוסט ער ווייניקער.

אַזוי האָט זיך געצויגן אַ פּאָר וואָכן. יאָסעלע האָט כמעט פאַרגעסן די צרות זיינע פון אַ מאָל און געמיינט: ער איז שוין גלייך מיט זיינע חברים אין חדר. אָבער ווי דערשראָקן און אומעטיק איז ער געוואָרן, ווען די מאַמע האָט אים איינמאָל געשיקט אין חדר אַריין און אויסער אַ טרוקן שטיקל ברויט, האָט זי נישט געהאַט אים מיטצוגעבן אויף אַ גאַנצן טאָג! ער האָט זיך געבראָגזט, זיך געוואָלט איבערבעטן אַ ביסל, נאָר אַז ער האָט אין דער מאַמעס אויגן טרערן דערזען, איז ער אַוועק אין חדר מיט אַ שטיקל טרוקן ברויט... און דאָ האָבן זיך ביסלעכווייז צוריק אומגעקערט די פּיין און יסורים פון אַמאָל. די רביצין האָט זיך מיט אים געשאַפט נישט בלויז אין קיכעל און מיט איר קינד זיך ביאַנטשען, נאָר אָט איז זי אים מכבד צו גיין מיט איר צום טייך, איר צוהעלפן דאָס גרעט אַוועקטראָגן. וואָס אַ טאָג, האָט אויך דער רבי מיט זיין קאַנטשיק אַלץ אָפטער זיין אַמאָליקן טעות געהאַט, און כאָטש יאָסעלען האָט עס איצט נישט מער ווי געטאָן ווי אַמאָל, נאָר יעדעס מאָל האָט עס זיין הערצל געפּייניקט און ער האָט דעם וויטיק אָנגעהויבן פילן לענגער און טיפער ווי פריער. פריער האָט ער קיין שאלות נישט געפרעגט, קיין טענות נישט געהאַט, פאַר וואָס מען שלאָגט אים; ער האָט בלויז אין זאַך געוווסט, אַז שמייץ טוט וויי, אַז הונגער איז אַ פּיין, נאָר איצט האָט ער דערפילט, כאָטש נישט קלאָר, אַז אויסער קלעפּ און הונגער איז דאָ עפּעס, וואָס טוט נאָך מער וויי און פּייניקט מער ווי קלעפּ און הונגער, און דאָס איז די אָרעמקייט און אומגערעכטיקייט, וואָס ווערט אים צוליב זיין אָרעמקייט געטאָן... ער האָט עס נישט איבערגערעדט, נישט געטראַכט אַפילו, נאָר דאָס הערצל זיינס האָט געפילט, אַז נאָר זיין מאַמעס אָרעמקייט איז שולדיק אין אַלע זיינע ליידן, און ער האָט אָנגעהויבן צו וועלן זיין רייך... אַזוי ווי לייבעלע, אַזוי ווי משהלע און ווי אַלע ייִנגלעך אין חדר... און אַז ער פלעגט דאַווענען, פלעגט ער זיך שוין נישט צוהערן צו די ווערטער וואָס ער דאַוונט, ווי פריער, נאָר דאָס הערצל פלעגט ביי גאָט בעטן: „גאָט, מאַך איך זאָל נאָך אַמאָל אַ בייטעלע מיט געלט געפינען, אַ סך, אַ סך געלט, מיין מאַמע זאָל רייך זיין ווי לייבעלעס מאַמע, זי זאָל נישט וויינען, דער טאַטע זאָל נישט הוסטן, נישט שעלטן, און דער רבי זאָל מיך נישט שלאָגן!

אין אַזעלכע געדאַנקען פלעגט ער אויך פאַרטראַכט זיין, און אַמאָל נישט וויסן, וואָס דער רבי פרעגט און לערנט מיט אים. נישט הערן ווי

די רביצן רופט אים, און פלעגט כאפן א שמיץ, א קלאפ פאר זיין נישט ענטפערן צו דער מינוט, פאר זיין נישט אפרופן זיך, ווען די רביצן שרייט צו אים. אפט, אזוי פארטראכטערהייט, פלעגט ר׳ בערל זיך א שפאסל מאכן און אים געבן א שנעל אין נאז, אים זאגן, אז דאס קומט אים פאר זיין פארטראכטקייט. ר׳ בערל פלעגט אויך די קינדער הייסן אים א שנעל אין נאז געבן, ווען זיי וועלן אים זען אזוי פארטראכט, פארחלומט. חברה האט עס מער נישט באדארפט און יאסעלעס נעזל איז שטענדיק רויט און אנגעשוואלן געווען פאר זיינע מחשבות, וועלכע קיינער האט נישט געוווסט, גייענדיק פון דער היים אין חדר און פון חדר — אהיים, האט ער אנגעהויבן האלטן דעם קאפ אראפגעבויגן, די אויגעלעך זיינע האבן א מציאה געזוכט, א מציאה, וואס גאט מוז אים צושיקן, ווי ער בעט אים דריי מאל אין טאג אין יעדן דאווענען. אויך אין שלאף פלעגט זיך אים חלומען: ער שטייט אין שול, אלע יידן דאווענען, ער דאוונט אויך און בעט גאט, די מאמע זאל רייך זיין, דער טאטע זאל נישט הוסטן, דער רבי זאל נישט שלאגן, נישט שנעלן אים אין דער נאז, און ער זאל זיין גלייך מיט אלע יינגלעך אין חדר...

אפט פלעגט זיך אים חלומען: ער געפינט געלט. אט ליגט איין מטבע, ער הויבט אויף און וויל שוין לויפן צו דער מאמען, נאר אט זעט זיך פון זאמד ארויס נאך איינע, און נאך איינע, א סך, ער האט שוין פולע הענט, פולע קעשענעס, נאר איידער ער האט צייט אלע אויפצוקלויבן, גיט דער טאטע א הוסט, ער כאפט זיך אויף, עס איז א חלום געווען. עס גלויבט זיך אים נאך נישט, און ער טאפט ארום זיך, נישטא, גאר נישטא... און עס טוט אים נאר דאס הערצל וויי. אן אנדערש מאל חלומט זיך אים ווידער, ער געפינט געלט, א סך, א סך געלט, נאר ער גלויבט זיך שוין נישט, צי איז דאס באמת, צי נאר א חלום, ווי נעכטן, ווי אלע מאל, ער מאכט סמנים, פרווט, צי איז דאס אויף אן אמת, און דאכט זיך, הײַנט איז שוין געוויס אן אמת: אט זעט ער די מאמען אין קיך, אט זיצט דער טאטע און הוסט, ער הערט דעם הוסט, ער הערט אויך ווי די ברידערלעך זיינע אין וויג וויינען, און ער מיינט, איצט איז שוין געוויס קיין חלום נישט, נאר ער ווייסט נישט ווי אזוי דאס ווערט, עס הויבט זיך אן גאר צו חלומען פון אנדערע זאכן: דער חדר, דער רבי, די רביצן און דאס גרעט אירס ביים טייכל, אויף דאס געפונענע געלט פארגעסט ער גאר און דערמאנט זיך ערשט, אז ער האט געלט געפונען, ווען ער כאפט זיך אויף, און ער פילט, עס איז אים אויפן הערצל אזוי שווער, אזוי אומעטיק...

כיינע האָט באמערקט, אַז איר יאָסעלע איז אַן אַנדער קינד געוואָרן, עפּעס איז ער פאַרטראַכט, שטענדיק אומעטיק, און רעדט ווייניקער ווי אַלע מאָל.

— וואָס איז דיר, מיין קינד? — האָט זי געפרעגט — טוט דיר דער קאָפּ וויי? — זי האָט צוגעלייגט איר האַנט צו יאָסעלעס שטערן זען, צי ער האָט נישט קיין וואַרעמקייט. — אפשר דער בויך, יאָסעלע? פרעגט זי מיט רחמנות קוקנדיק אים אין זיינע אומעטיקע אויגעלעך.

— מיר טוט גאָר נישט ווי מאַמע! ענטפערט יאָסעלע.

— וואָס דען ביזטו אַזוי אומעטיק און מען זעט קיין פריילעך מינע נישט פון דיר?

— מאַמע — האָט יאָסעלע געענטפערט — ווען וועסטו אויך רייך ווערן ווי לייבעלעס מאַמע?

— ווען גאָט וועט וועלן, מיין האַרציק קינד, דו ווילסט דיין מאַמע זאָל רייך ווערן!

— איך וויל מאַמע, איך בעט ביי גאָט דו זאָלסט רייך ווערן!

— פאַר וואָס ווילט זיך דיר אַזוי? האָט זי ווידער געפרעגט.

— אַז דו וועסט זיין רייך, וועסטו קיינמאָל נישט וויינען, נישט קריגן זיך מיטן טאַטען, וועט דער טאַטע נישט הוסטן און נישט שעלטן מיך! „וועט אים דער רבי נישט שלאָגן" האָט ער מורא געהאַט צו זאָגן.

אַזוי זיינענדיק אַ פּאָר וואָכן אַריבער, אומזיסט בעט ער גאָט, אומזיסט בויגט ער דאָס קעפּל און די אויגעלעך, צו זוכן, דאָס אַלץ איז ווי דער חלום זיינער, וואָס ער שטייט אויף מיט די ליידיקע הענטלעך. דערווייל וויל ער עסן, דערווייל הוסט דער טאַטע און שעלט און רופט אים: פּויער, עשו, ליגט אויף דער מאַמעס קאַרק ווי אַן עקזעקוציע! קראַנק ביסטו צו גיין פאַרדינען, ווי אַלע אָרעמע קינדער? אַזוי שרייט ער, און יאָסעלע ווייסט נישט פאַרוואָס? ווי פאַרדינט מען? די מאַמע, זעט ער, איז אויך שטענדיק פאַרקלעמט און שוואַרץ ווי די ערד, זי הוסט שוין אויך צו ביסלעך און כאַפּט זיך אָפּט פאַרן האַרצן. און אין חדר איז אויך נישט בעסער, דאָ האָט ער, חוץ קלעפּ און שנעלן אין נאָז, אַ צו־נאָמען באַ־קומען: „דער בעל־מחשבה"! וואָס דאָס איז אַזוינס, ווייסט ער נישט, נאָר דער רבי אַליין רופט אים שוין נישט אַנדערש, און אים ווילט זיך נאָך מער ווי פריער רייך זיין.

איינמאָל האָט שיינדעלע געשיקט מיטן משרת איין אַ גאַנץ טיכל מיט זילבער־געלד. — די באַלעבאָסטע האָט איך געשיקט זעקס רובל! — האָט דער משרת געזאָגט און איז אַרויסגעגאַנגען.

— דער רבי האָט אָנגעהויבן פאַנאַנדערקלויבן די מטבעות, אָבער אין דער רגע האָט ער דערזען דורכן פענצטער פנחס סטאָליאַר, דער פאַראַיאָריקער באַלעבאָס זיינער, ביי וועמען ער האָט געוווינט, גייט צו אים, און האָט מיטביידע הענט א כאַפּ געטאָן דאָס געלט אין קעשענע אַריינשיטן. כאַפּנדיק, האָבן זיך עטלעכע מטבעות אויף דער ערד אַראָפּגעקייקלט, און עטלעכע זיינען אויך יאָסעלען אויפן שויס אַרויפגעפאַלן. א פּאָר יינגלעך האָבן געוואָלט אונטערן טיש אַרונטערקריכן אויפקלויבן די מטבעות, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט, נאָר דער רבי האָט א ווונק געגעבן, קיינער זאָל זיך נישט א ריר טאָן, און יאָסעלע האָט אויך מורא געהאַט דעם רבין צו דערלאַנגען די, וואָס זיינען אויפן שויס אַרויפגעפאַלן.

— גוט מאָרגן, ר׳ בערל, — האָט פנחס געזאָגט אַריינקומענדיק.

— גוט מאָרגן, גוט יאָר — האָט דער רבי געענטפערט — זיצט, ר׳ פנחס!

— איך בין נישט געקומען זיצן — ענטפערט פנחס — פּטרט מיך אָפּ און לאָזט מיך גייך. שוין צייט, ר׳ בערל, איבער זעקס רובל, וואָס מיר קומט נאָך דירה־געלט, לאָזט איר מיך לויפן באַלד א יאָר צייט.

— וואָס דאַרפט איר לויפן? — פרעגט דער רבי — אז איך וועל האָבן, וועל איך אייך בתשואות־חן אין שטוב אַריינטראָגן.

— הייסט עס, איר ענטפערט מיר איצט אויך דאָס זעלבע, וואָס מיט א האַלב יאָר צוריק? ניין, איצט וועל איך נישט אָפּטרעטן. איצט מוזט איר מיר מיינס אָפּגעבן! — רעדט שוין פנחס מיט כעס.

— נו, און אז איך האָב נישט? — פרעגט דער רבי.

— וואָס הייסט איר האָט נישט? וואָס איז דאָס מיין דאגה? גיט איצט וויפל איר קאָנט, גיט דריי רובל, וועל איך מיט די אַנדערע דריי צו־וואַרטן א חודש.

— אפשר נאָך שבת, הייַנט האָב איך נישט, ר׳ פנחס!

— איך קאָן אייך שוין נישט גלויבן, ר׳ בערל, אלע מאָל ענטפערט איר מיר, איר האָט נישט! איר ווייסט גאַנץ גוט, אז אייערע באַלעבאַ־טים זיינען גוט געלט, הלוואי האָב איך שכנים אַזעלכע גוטע צאָלער! — ווינטשט זיך פנחס.

— הייַנט האָב איך באמת נישט, אויף מיין הן צדק, איך האָב נישט! ווי איר זעט מיך א ייד, כאָטש קוילעט מיך פאַר א פּאָר גראָשן! — שווערט ר׳ בערל.

יאָסעלע הערט ווי דער רבי שווערט פאַלש. טאָר מען דען שווערן פאַלש? — שרייט עס ביי אים אין הערצל, דאָס בלוטל הויבט אים אָן צו

קאָכן, ער גיט א טאפּ די פּאָר מטבעות, וואָס ליגן ביי אים אויפן שויס, ער ווייסט נישט, וואָס ער טוט, נאָר ער באַהאַלט זיי ערגעץ ביי זיך.

פּנחס איז אַוועק אָן געלט. דער זייגער האָט געשלאָגן איינס, און דער רבי האָט זיינע תלמידים געהייסן גיין עסן וואַרעמעס!

יאָסעלע איז אהיים געלאָפן און מיט א געמאָסטער שמחה, ווידער א געשריי געטאָן: מאַמע, איך האָב ווידער געפינען געלט!

כיענע איז ליעבעדיקער געוואָרן, זי האָט באמת געגלויבט, אז גאָט טוט נסים מיט איר, זי האָט שוין לאַנג געוואַרט, איר קינד זאָל איר די גוטע בשורה אָנזאָגן מיט א בייער מציאה. אָבער היינטיקס מאָל טאַקע מיט אַן אוצר, א גאַנצן. אז יאָסעלע איז א מזלדיק קינד און גאָט העלפט איר צוליב אים, האָט ער שוין אַמאָל באַוויזן, פאַרוואָס איר א צווייט מאָל נישט באַווייזן, אז איר קינדס מזל איז שוין טאַקע אויפגעריכט געוואָרן אינגאַנצן? אָבער ווי אומעטיק איז זי געוואָרן, ווען יאָסעלע האָט צוויי צוואַנציק־קאָפּיקעס און איין צען־קאָפּיקעס אַרויסגענומען און איר דערלאַנגט.

— און דאָס איז גאָר? האָט זי געפרעגט — נישט כדאַי געווען מיין שמחה! יאָסעלע, זיך פילנדיק שולדיק, האָט מורא געהאַט די אויגן אויפצוהייבן און איז אַליין אויך אומעטיק און ווי צעמישט געשטאַנען.

— כיענע, עס איז נישט גלאַט! — האָט זיך דער טאַטע אַרויסגעכאַפּט — דאָס איז נישט קיין גלאַטע מעשה, פאַר וואָס געפין איך נישט, פאַר וואָס געפינסט דו נישט? דו גייסט מער פון אים.

— נאָך וואָס ווערסטו זאָגן? — האָט זיך כיענע אָפּגערופן — ליכטיקערע אויגעלעך ווי מיינע, ער דערזעט, און איך נישט, און פאַר וואָס זאָל ער נישט מזלדיקער זיין פון מיר.

— וווּ האָסטו געפונען? — האָט ברוך האַלב געשריגן האַלב געפרעגט.

יאָסעלע האָט געשוויגן.

— וואָס שטייסטו ווי א באַגראָבענער? שייגעץ, וווּ האָסטו דאָס געלט גענומען? — האָט ברוך מיטן גאַנצן כח געשריגן.

יאָסעלע האָט אָנגעהויבן ציטערן ווי פון קדחת.

— נאַ דיר א האַנט, כיענע, ער האָט עס געגנבעט — האָט ברוך אויסגערעדט און זיך פאַרהוסט פון כעס.

— איך זאָל עס בעסער נישט דערלעבן, רבונו של עולם! — האָט כיענע ברענענדיק זיך די הענט געשריגן.

— דו האָסט עס געפֿונען, יאָסעלע? — האָט זי זיך געפּרוווט פֿרעגן, כאָטש דאָס האַרץ האָט איר שוין געזאָגט, אַז דאָ איז נישט גלאַט.

— געפֿונען! — האָט יאָסעלע שטיל און ציטערנדיק געענטפֿערט.

— געפֿונען? דו האָסט עס נישט געפֿונען! ווי געפֿינט מען דאָס לייזע געלט אין גאַס? — האָט זי אַלץ מיט מער חשד, שוין שרייענדיק געפֿרעגט.

יאָסעלע האָט שוין נישט געענטפֿערט, נאָר אָנגעהויבן צו וויינען שטילערהייט.

— אַ ימח שמו זאָלסטו ווערן! — האָט דער טאַטע אויפֿשפּרינ־גענדיק אַ געשריי געטאָן — לאָז מיך, כיענע, איך וועל אים אַ טויט מאַכן! — וווּ האָסטו עס גענומען, ממזר? גיכער, קום ווייז מיר, אַז נישט וועל איך דיך ממית!

יאָסעלע וויינט און ענטפֿערט אַ וואָרט נישט.

— וווּ האָסטו עס גענומען? — האָט אויך כיענע געשריגן — זאָג, ווייז, ווי צו מײַנע יאָרן! דו שוויגסט? געגנבעט? אַ קלאָג צו דער ווייס־טער מאַמען דײַנער?

מיט די רייד האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים, אים ווי אַ ווילדע גענומען רײַסן, קנײַפּן און בײַסן, אוי אוי! — האָט זי געשריגן — בע־סער אַ קלײנעם באַגראָבן דיך, איידער אויסהאָדעווען אַ גנבֿ, וואָס זאָל מיר מײַן פּנים פֿאַרשוואַרצן! פֿאַרוואָס קומט עס מיר, רבונו של עולם? האָב איך מיך ווייניק מקריבֿ געווען פֿאַר אים? ווייניק געבלוטיקט? פֿון זיך דעם ביסן ברויט אַרויסגעריסן און אים אַ העמדל, אַ שוך, אַ בגדל געמאַכט!... מײַן קינד וועט אַ למדן זײַן, מײַן קינד וועט קאָנען לערנען! מער ווי דאָס האָב איך דאָך בײַ דיר נישט געבעטן, רבונו של עולם, און דאָס איז מײַן טרייסט, די נחמה מײַנע, וואָס איך האָב זיך דער־לעבט?...

טרערן האָבן זיך אָנגעהויבן גיסן פֿון אירע אויגן, זי האָט זיך היסטעריש אַזוי פֿאַנאַנדערגעוויינט, אַזוי געכליפּעט, ווי יאָסעלע האָט זי אַזוי וויינענדיק נאָך קיינמאָל נישט געזען. ער האָט געוווּסט, אַז ער איז שולדיק, ער האָט ערשט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געטאָן און האָט שטאַרק חרטה געהאַט, נאָר ווי צו פֿאַרריכטן נישט געוווּסט, און ער האָט נאָר געשריגן: מאַמע, ווייז נישט, איך וועל נישט מער!

— זאָג שוין, דו ממזר, וועמענס געלט איז דאָס? — האָט ברוך הוסטנדיק געשריגן.

— דעם רבינס, דעם רבינס! — האָט יאָסעלע וויינענדיק זיך מודה געווען.

— זעסט שוין, מאַמע געטרייע — האָט ברוך צו זיין ווייב געשריגן — זעסט שוין, ווער איז אַ מבין אויף אים, איך, אָדער דו? לאָז מיך, איך וועל אים אַ לעבעדיקן נישט לאָזן! און דאָ האָט ער זיך צערשט גענומען צום עלנדן קינד.

— ברוך, דו וועסט אים פאַר אַ קאַליקע מאַכן! — האָט כיענע געשריגן, און האָט דאָס אומגליקלעכע קינד קוים נאָך אַ לעבעדיקן אַרויסגעריסן פונעם טאַטנס הענט.

— אַ גנב איז ערגער פון אַ קאַליקע! — האָט ער געשריגן — אַ קאַליקע איז נאָר אַ שטראָף פון גאָט, קיין חרפה נישט, אַ גנב אָבער איז אַ שטראָף און אַ חרפה אי אויף דער וועלט, אי אויף יענער וועלט! רחמנות איז אכזריות! ווייז, אַז דו ביסט אַ מאַמע און רעכן זיך אַליין אָפּ מיט אים, איך האָב שוין קיין כוח נישט, דער הוסט דערשטיקט מיך איינגאַנצן... אוי, ער איז מקרב מיין מיתה, אַ מיתה משונה אויף אים!

— אַ גנב איז מיין קינד, אַ גנב? פינצטער איז מיר מיין וועלט, ביטער איז מיר! — האָט די אומגליקלעכע מאַמע געשריגן — ווער האָט עס אים געלערנט? איז די דיך טאַטע אַ גנב? איז די פינצטערע מאַמע דיינע אַ גנבטע? זאָג, באַגראָבן זאָל איך דיך היינטיקן טאָג... פון וועמען האָסטו זיך געלערנט זיין אַ גנב?

— ביין, ביין! — האָט זי פּלוצלינג צו שרייען אָנגעהויבן, ווי משוגע — ער וועט קיין גנב נישט בלייבן! אַ יונג בוימעלע קאָן מען נאָך בויגן אַהער און אַהין, און טאָמער האָט ער עס פון אַ ביין באַגעגעניש אין זיין בלוט, וועל איך עס אים ביז אַ טראָפּן אויסצאַפּן, אויסזויגן!...

— קום, דו קליינער וואָרעם, קום צום רבין דיינעם, גיב אים אָוועק זיין געלט, זאָל ער דיר די הויט אַראָפּנעמען, זאָלן אַלע יינגלעך זען, וועסטו וויסן אויף נאָך אַמאָל, אפשר וועסטו געהיילט ווערן פון דער קליפה, וואָס האָט זיך צוגעטשעפּעט צו דיר! — און זי האָט איר, ביז איצט, געליבט קינד אָנגעכאַפּט פאַרן הענטל, עס אַ שלעפּ געטאָן אָן רחמנות, און געלאָפן ווי דער אימפּעט האָט זי געטראָגן, נישט געפילט גאָר, אַז זי שלעפּט נאָך זיך אַ שוואַך, הונגעריק, צעשלאָגן און צעביסן קינד, וואָס האָט שוין קיין כוח און קיין אָטעם נישט כמעט נאָכצולויפן נאָך איר.

— גאָט העלף איך, רבי קרוין — האָט זי קוים אַויסגערעדט, אַריינקומענדיק, און געמוזט אַ פּאָר מינוט אָפּרוען דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן.

— אַ מסירהלע אוודאי! — האָט ר׳ בערל געוואָלט טרעפֿן — איך האָב אַלץ געקלערט, ער איז מיר אין חדר צו שטיל, דערפֿאַר קערט ער אײַנ־חדרהיים, אוודאי, די שטוב איבער, אמת, יאָסעלע?

— וואָלט ער אַזוי פֿון קיין אַנדער שלעכטס נישט וויסן — האָט כּיענע מיט טרערן אין די אויגן געענטפֿערט — ווי ער ווייסט אין דער היים נישט פֿון שטיפֿן, דערפֿאַר איז דאָך טאַקע מײַן קלאָג אַזוי גרויס! אַלע מאָל אַ גוט קינד, אַ שטיל קינד געווען, און פּלוצים איז אַ בייזע שעה אויף אים אָנגעפֿאַלן און בעטגעלט און ברויגעט מיר גאָר געלט!... געפֿונען געלט, האָט ער געזאָגט, געמיינט, אוודאי, ער וועט דער מאַמען אַ שמחה מאַכן. אַ קלאָג צו מיר! און איך נאַר, אַ יידענע, וואָס ווייסט טאַקע אַ זינדיקע אשה, איך האָב טאַקע געמיינט, ער האָט געפֿונען. דער מאַן אָבער מײַנער — זאָל ער אַזוי געהיילט ווערן פֿון דער קרענק זײַנער, וואָס פּײַניקט אים שוין דריי יאָר — ווי מיטן ערשטן קוק האָט ער דערקענט, אַז דאָס איז נישט קיין מציאה קיין כּשרע! וואָס קלערט איר, איך האָב אים אַ האַלב טויטן פֿון זײַנע הענט אַרויסגעריסן, און פּאָר איטלעכן קניפּ און ביס, וואָס ער האָט פֿון מיר געהאַט, מעג מיר גאָט אַ מזלדיק יאָר געבן! נאָר וואָס זאָל איך לאַנג ברייען. די קויל האָט מיך שוין גוט געטראָפֿן, ער האָט זיך מודה געווען, אַז דאָס איז אײַער געלט. ווי אַזוי איז דאָס געקומען צו אים, בין איך אַזוי צעמישט געווען, אַז איך האָב גאָר פֿאַרגעסן אים צו פֿרעגן. נאַט אײַך, רבי, איך האָב עס אײַך אָפּגעבראַכט, סם זאָל איך בעסער נעמען, אײדער צונעמען געגנבעט געלט! פֿרײַער גאָט דער נאָך איר, ליבער רבי, אַלץ אין דער וועלט, קיין גנב זאָל מײַן קינד נישט זײַן!

— לאה! — האָט דער רבי אַ געשריי געטאָן צו דער רביצין — זעסט, מען טאָר אַ מענטשן אומזיסט נישט חושד זײַן, אָט איז דער האַלבער רובל! און דו האָסט געשריגן, אַז נאָר דער משרת האָט עס אַראָפּגעגנבעט, און דערווײַל האָט ער געכאַפּט אַ פּאָר פּעטש פֿון ר׳ שלמהן, ער זאָל זיך מודה זײַן. זעסט שוין, ווער עס איז דער גנב? וואָלסטו גאָר אַמאָל געטראַכט אויף אים? אַזאַ שטילער וואָרעם, אַזאַ שייגאָץ!

—שטיל וואַסער גראָבט טיף, אַ מפּלה וואָלט איך אויף אים געטראַכט! — האָט זיך די רביצין אָפּגערופֿן אויפֿהויבנדיק אים מיט איר האַנט די מאָרדעצקע — זאָג, דו קלײנער גנב, נישט געדאַכט זאָלסטו ווערן, וואָס נאָך האָסטו ביז אַהער שוין געגנבעט, וואָס איך ווייס נאָך נישט?

— לאה, האָט קיין פֿאַריבל נישט — האָט זיך כּיענע אַרויסגעכאַפּט — קלערט נישט אַזעלכע זאַכן! עס איז טאַקע מײַן שטראָף, מײַן חרפּה,

אָבער איך שווער אייך, אַז דאָס איז די ערשטע ביידע שעה אויף אים געוועזן, די ערשטע און די לעצטע, לאה קרויק! ער האָט שוין גענוג געהאַט פון טאַטן זיינעם, פון מיר אויך, און איך בין געקומען בעטן אייער מאַן, זאָלן אים געזונט זיין זיינע הענט, ער זאָל אים אויך גוט באַשטראָפן, מיין קינד זאָל פאַרזאָגן א צענטן נאָך אַמאָל גאָר אַזא שלעכטע דעה צו האָבן.

כיענע האָט גאָר פון דאָס ניי אָנגעהויבן ביטער צו וויינען.

— וויינט נישט, כיענע — האָט זי דער רבי געטרייסט — איך בין זיכער, אַז דאָס האָט יאָסעלע באמת דאָס ערשטע מאָל די נאַרישקייט געטאָן. א דאַנק איך פאַר דעם האַלבן רובל, וואָס איר האָט מיר אָפּגעבראַכט, איך האָרעווע מיך גענוג אָן, איידער איך האָרעווע אויס א האַלבן רובל... מיך אַרט נאָר איצט, וואָס איך בין צוליב דעם צו א מכשול געקומען חושד צו זיין דעם משרת שיינדעלעס און בנאמנות, זאָג איך אייך: איך ווייס איצט גאָר נישט ווי זאָל דאָ זיין? עס פעלט נאָר, אַז שיינדעלע זאָל זיך דערוויסן, אַז אייער יאָסעלע איז דער גנב געוועזן... נו, נו, וועט זי שוין האָבן טענות, וואָס איך האָב אַזא איין חדר אריינגענומען, איך פאַרגין איר גאָר נישט, אַז זי זאָל מיך נאָך אַמאָל פרעגן:
ווער איז גערעכט: זי, צי איך? „פון קבצנים באַדאַרף מען זיך צו היטן ווי פון א פייער!” „כל־בו איז אין זייערע קינדער!” — זאָגט זי מיר תמיד, און איך שווער אייך אַלע, אַז עס איז דווקא נישט אַזוי, אַז זי האָט א טעות. פון דער אַנדערער זייט איז א יושר מפייס צו זיין דעם בחור דעם משרת, וואָס איך האָב אים חושד געווען און ר' שלמה האָט אים דערווייל מכבד געווען מיט א פּאָר פייערדיקע פעטש. אָט וואָס איך קלער: דעם בחור וועל איך זאָגן, אַז איך האָב דאָס געלט געפונען, שיינדעלען גאָר קיין מעשה נישט דערציילן, אייך, יינגעלעך זאָג איך אָן, די הויט וועל איך אַראָפּשינדן, טאָקע נישט אויף צו פליישן, ווער עס וועט עפּעס אויסזאָגן, וואָס איר זעט, און וואָס איר הערט דאָ. געדענקט, שקצים, וואָס איך זאָג, און שווערט, אַז איר וועט נישט אויסזאָגן. אַלע יינגעלעך האָבן געשוואוירן.

און איצט, יאָסעלע, וועל איך מיך נעמען צו דיר. האָט קיין מורא נישט, כיענע — האָט ר' בערל געזאָגט — א גרויסער כוח ליגט אין דער רוט, און טאָמער האָט ער באמת א מחשבה געהאַט צו ווערן א גנב, און האָט פאַרזוכט דעם טעם פון א קליין גנבהלע, וועט ער באַלד וויסן, ווי ביטער און זויער דאָס איז און וועט שוין אויסשפּייען... בישקשה. עס וועט אים צו רפואה זיין!

מיט די ווערטער האָט ר׳ בערל פונעם בייעם בעזעם עטלעכע גוטע ריטער אַרויסגעצויגן, גענומען יאָסעלען ביים הענטל, אַליין די הייזלעך אים לויז געמאַכט און אים אויפן בענקל אוועקגעלייגט.

— כיענע, אייער מצוה אים טאַקע פאַר די פיס צו האַלטן! — האָט די רביצין, צו כיענען זיך ווענדנדיק, געזאָגט — לאָז אַזאַ טאַקע וויסן, אַז די מאַמע אַליין הייסט און וויל, אַז מען זאָל אים שמייסן פאַר אַזאַ זאַך. גאָט וועט אייער צער צוזען און אייער קינד וועט געראַטעוועט זיין.

כיענע האָט אירע אַלע כוחות צוזאַמענגענומען דערביי צו שטיין, נאָר קוים האָט זי דערזען זיין צעביסן און צעשלאָגן לייבעלע פון בייגע און אַלטע קלעפּ און שלעק, האָט זיך אין איר אַ געפיל פון רחמנות אויפגעכאַפּט, דער קאָפּ האָט איר אָנגעהויבן שווינדלען, אין די אויגן איז איר פינצטער געוואָרן און זי פילט, אָט אָט פאַלט זי חלשות. דער רבי האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף איר און האָט דערווייל געשמיסן, ווי ער האָט געקאָנט. פלוצים האָט כיענע ווי מיט די לעצטע כוחות אַרויסגעשריגן:

— מיט רחמנות, רבי, האָט רחמנות!... און איז אין חלשות געפאַלן.

* * *

אַז כיענע איז צו זיך געקומען, און מיט איר פאַרטוך אָפּגעווישט דאָס פּנים פונעם קאַלטן וואַסער, וואָס די רביצין האָט אויף איר פונעם מויל געשפּריצט, האָט זי יאָסעלען דערזען שטייענדיק לעבן זיך און ער שרייט ווי אַ ווילדער: מאַמע! מאַמע! אוי, מאַמע נישט שטאַרב!... זעענדיק ווי דער רבי דריקט דער מאַמען זיינער פאַר דער נאָז, די רביצין נעמט אַ שלוק וואַסער אין מויל און שפּריצט אויף איר, נאָך אַ ייד אַ שכן איז אַריינגעלאָפן, איר געקוועטשט די שלייפן און זי איז בלאַס ווי אַ טויטע, גיט זיך קיין ריר נישט, קיין קרעכץ נישט אפילו, האָט יאָסעלע געמיינט, די מאַמע זייטע איז שוין געשטאָרבן, און זיין שרעק און אַנגסט האָט אים אויף אַ ווילע געלאָזט פאַרגעסן זיינע אייגענע יסורים און פּיין. „אוי, מאַמע, נישט שטאַרב, נישט שטאַרב, טייערע מאַמע מיינע, איך וועל מער קיינמאָל נישט גנבענען!” — האָט ער געשריגן, און דער מאַמעס נאַסע קאַלטע הענט געקושט.

— דו לעבסט, יאָסעלע? דו שטייסט נאָך אויף דיינע פיסעלעך, מיין אָרעם קינד? האָט כיענע מיט אַ פאַרחלשט קול געפרעגט.

— וואָס רעדט איר עפּעס כיענע, גאָט איז מיט אײַך! — האָט די רביצן מיט גרויס פאַראיבל איר אויסגערעדט — וואָס האָט איר געמיינט, א גזלן איז מיין מאַן, ער וועט אײַער קינד ביזן טויט, חלילה, פאַר־שמייסן? אָפּגעשמיסן ווי מען שמייסט אַלע ייִנגלעך, אַביסל ציטעריקערע פון אים אויך!...

— איך רעד, איך ווייס דען, וואָס איך רעד? — האָט זיך כיענע פאַרענטפערט — מיין ווייטיק רעדט אין מיר! נישט געפרווט זאָל גאָר ווערן א יידישע מאַמע צו אַזא צער, צו אַזא ווייטיק... האָט נישט פאַריבל, ר' בערל, אדרבה, געזונט זאָלן זיין אייערע הענט, און אַז אייערע ריטער זאָלן אים צו רפואה זיין, ער זאָל שוין מער אַזויגס נישט טאָן, וועל איך מיין גאַנץ לעבן גאָט בעטן פאַר אײַך און וועל אײַך אייביק דעם חסד נישט פאַרגעסן.

כיענען איז איין האלדז טרוקן געוואָרן. גיב, יאָסעלע, אַביסל וואַסער! האָט כיענע געבעטן און, אַז זי האָט א שלוק געגעבן, געפילט זיך אַביסל שטאַרקער, האָט זי זיך ווידער צו איר קינד געווענדעט:

— זעסט, וואָס דו האָסט פון דיין מאַמען געמאַכט? נאָך איין רגע און איך וואָלט שוין אפשר מיינע אויגן אויף אייביק נישט געעפנט... נישט מיט מיר, נאָר מיט דיר, מיט דיין קראַנקן טאַטן און מיינע אָרעמע קינ־דער האָבן די גוטע מענטשן חסד געטאָן, וואָס זיי האָבן מיך נישט גע־לאָזט שטאַרבן פאַר דער צייט. זאָג, יאָסעלע, דו ווילסט איך זאָל נאָך לעבן, דו און דיינע שוועסטער און ברידערלעך זאָלן קיין פאַרוואָגלטע עלנטע יתומהלעך נישט בלייבן, זאָלסטו פון היינט אָן נישט טאָן מער אַזא נאַרישקייט, אַזא זינד א שווערע און א חרפה ווי גנבענען! געדענק, זאָל דיך נישט גלוסטן נאָך יענעמס, פיינט האָבן ווי חזיר זאָלסטו יע־נעמס געלט, יענעמס האָב, ווי פיינט עס האָט די מאַמע דיינע, דער טאַטע דיינער, און דער גוטער טרייער רבי דיינער! זאָג עס אים צו, דעם גוטן רבין דיינעם, גיב אים א קוש אין האַנט און שווער אים, אַז דו וועסט נישט מער, וועט ער דיר מוחל זיין, וועלן דיינע חברים דיר מוחל זיין און גאָט וועט שטאַרקן דיין הארץ, דו זאָלסט עס טאָקע מער נישט וועלן.

יאָסעלע האָט דעם רבין א קוש אין האַנט געטאָן, נאָר שווערן האָט ער שוין נישט געקענט.

— וואָס שווערסטו נישט? — האָט כיענע געפרעגט.

— נעם מיך אַהיים, מאַמע — האָט יאָסעלע קוים אַרויסגערעדט — דער קאָפּ טוט מיר וויי, אוי, איך שטרב איז אַזוי פינצטער געוואָרן.

— נעמט אים כיענע, טאקע אהיים — האָט דער רבי געראַטן, זעענ־דיק ווי דאָס קינד האָט זיך פּלוצים אַזוי פאַרענדערט — איך בין אים מוחל, ער וועט מאָרגן אויך צייט האָבן צו שווערן!

כיענע, שוואַך און דערשלאָגן, האָט מיט די לעצטע כוחות איר גע־פּיניקט קינד אהיים אוועקגעטראָגן, איך איר בעט עס באַלד אוועקגע־לייגט.

— צו רפואה! — האָט ברוך זיך וויַיב באַגעגנט — איך זע שוין, עס האָט געמוזט זיין אַ גוט באָד, אָט אַזוי וויַיס איך, אַז דו ביסט אַ מאַמע! ווי דען, לאָזן אים זיין אַ גנב?

כיענע האָט אפילו געוואָלט אויסלאָזן איר האַרץ צו אים, נאָר זי איז אַזוי פאַרקלעמט געווען, אַז זי האָט אַ וואָרט נישט געקאָנט אַרויסריידן. אַ גאַנצע נאַכט האָט יאָסעלע געברענט ווי אַ פייער, אומרויִק געשלאָפן און פון שלאָף געקרעכצט. אַ שטראָם רחמנות האָט דער אָרעמער מוטערס האַרץ פאַרטרונקען. זי האָט זיך ערשט דערמאָנט, אַז אַ חוץ אַ שטיקל טרוקן ברויט אין דער פרי, האָט יאָסעלע אַ גאַנצן טאָג אין זיין מויל נישט געהאַט... און אַ הונגעריק קינד האָט זי אַליין אַזוי פיל געקניפּן, געקניפּן און געביסן, האָט דער טאַטע אַזוי פיל געשלאָגן, און דערנאָך — דער רבי!... און פאַר אירע אויגן האָט זיך פאַרגעשטעלט זיין צעריסן לייבעלע אין דער מינוט, ווען דער רבי האָט אים דעם ערשטן שמיץ געגעבן, זי האָט אויפגעהויבן דאָס העמדל און איר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן, ווי צעשניטן, צעריסן דאָס עלנטע לייבעלע איז.

— אַליין מיין קינד צו דער עקדה געפירט! — האָט זי מיט אַ געוויין געקלאָגט — אַליין מיין קרבן צום מזבח געבראַכט און דעם שוחט דאָס מעסער דערלאַנגט!... ווי קאָנסטו עס צוזען, רבונו־של־עולם, און נישט טרייסטן נאָך אַמאָל דאָס געפּייניקטע קינד און די אָרעמע מאַמע זיינע, נחת אַ סך צו דערלעבן!? פאַרוואָס, פאַרוואָס? פאַר גאָר נישט! באַנאַרישט זיך אַמאָל, דערויף איז ער דאָך אַ קינד. וואָלט זיין מאַמע שיינדעלע און נישט כיענע געווען, וואָלט ער עס גאָר נישט געטאָן די נאַרישקייט, און אַז יאָ, וואָלט מען אים אויך נישט אַזוי געפּייניקט... פאַררעכנט זאָל עס אונדז ביידען זיין, טאַטע געטרייער, און שיק אים צו די רפואה, געזונט צו זיין און ערלעך צו זיין, גאָט אין הימל.

אויף מאָרגן, איז יאָסעלע אויפגעשטאַנען, כאָטש שוואַך ווי נאָך אַ קרענק, אָבער, אַז די מאַמע האָט אים געפרעגט: „וואָס טוט אים וויי?" האָט ער געענטפערט: „גאָר נישט, גאָר נישט!".

כיענע האָט געוואָלט אים נישט לאָזן הייגט גיין אין חדר, נאָר ברוך האָט געשריגן:

— זאָל ער גיין, רייד אים נאָר איין, אז ער איז קראַנק, ער האָט שיין געדרשנט, דער תנא־ברא דייגער! זי האָט שוין פאַרגעסן, וואָס געכטן איז געווען!

און יאָסעלע איז אוועק אין חדר, ביי דער טיר אָבער איז ער שטיין געבליבן און מורא געהאַט אין חדר אַריינצוגיין, ביז די יינגלעך האָבן אים דערזען און געזאָגט דעם רבין. ר׳ בערל איז אַרויסגעגאַנגען, אים פאַר א הענטל אַריינגעפירט, צוגעפירט צום טיש און האָט געעפנט פאַר אים א חומש.

— זאָג! האָט דער רבי געטייטלט אין חומש און אים געהייסן די ווערטער פאַרטייטשן.

— לא תגנוב! זאָלסט נישט גנבענען! האָט יאָסעלע פאַרטייטשט און טרערן גרויסע זיינען אויף די ווערטער פונעם חומש געפאַלן.

— נאָך אַמאָל!

— לא תגנוב! זאָלסט נישט גנבענען! — און אזוי דריי מאָל.

— איצט נעם דאָס חומש אין האַנט און שווער, אז דו וועסט נישט גנבענען מער קיינמאָל.

יאָסעלע האָט געשוווירן.

— געדענק, דו האָסט געשווירן ביים חומש — האָט דער רבי וויי־טער גערעדט — זייט עדות אַלע יינגלעך, אז טאָמער וועסטו נאָך אַמאָל עפּעס וואָס גנבענען, וועל איך דיר פריער די הויט אַראָפּשינדן און דערנאָך פון חדר אַרויסטרייבן!

— מיר זיינען עדות! האָבן די קינדער זיך אָפּגערופן.

— און קיינער זאָל אים מער נישט רופן גנב, איר הערט? האָט ר׳ בערל אָנגעזאָגט.

— איצט קומט לערנען!

— און דו שיינער מענטש — האָט די רביצן געזאָגט צו יאָסעלען, — גיי וויג צו דאָס קינד, נאָר נעם דאָרט גאָרנישט צו, דו הערסט? צו די חדר־יינגלעך האָט זי געזאָגט שטילערהייט: קינדער, איר זאָלט שטענ־דיק אכטונג געבן אויף אים, בעת איך גיי אוועק. ער איז טאַקע א גוט יינגל, א שטיל קינד, אָבער אביסעלע צו לאַנגע הענטלעך!...

חברה האָט עס מער נישט באַדאַרפט.

כאָטש יאָסעלע האָט קיינמאָל קיין יינגל אין חדר נישט פאַרטשעפּעט און אפילו נישט צוריקגעגעבן א יינגל, וואָס האָט אים געטשעפּעט, האָט ער

אלע מאָל מורא געהאַט, און כאָטש דער רבי האָט אָנגעזאָגט, אַז קיינער זאָל אים נישט רופן גנב, האָבן זיך אָבער די קינדער נישט געקאָנט אָפּ־זאָגן פון זיך נישט צו רייצן און נישט פאַרגינען זיך יאָסעלען אַלע קרענקונג און יסורים אָנצוטאָן; קוים האָט זיך דער רבי אָפּגעקערט, האָט אים באַלד איינער אָדער עטלעכע מיט אַמאָל אַ געשריי געטאָן: גנב! משהלע מזיק איז אַ בעלן געווען צו נעמען אַ שטריקל און גיין אויסמעסטן ווי לאַנג יאָסעלעס הענט זיינען.

יאָסעלע האָט דערפון שרעקלעך געליטן, מער ווי פון רבינס קאַנ־טשיק, אַ סך מער ווי פון זיינע ריטער אפילו, נאָר דאָס איז נאָך ווייניק געווען, און אין חדר האָבן די ייִנגלעך אַ לידעלע אָנגעהויבן צו זינגען. ווער עס האָט דאָס לידעלע אויסגעטראַכט, האָט קיינער נישט געוווּסט, נאָר אַלע האָבן געזונגען:

א גנב איז יאָסעלע,
געשמיסן אים אין טאָסעלע,
געשמיסן מיט אַ ריטעלע,
אויף אַ גנב ברענט דאָס היטעלע!

דאָס לידעלע האָט יאָסעלען הייסע ביטערע טרערן געקאָסט, און ווי ער פלעגט אַמאָל גאָט בעטן, זיין מאַמע זאָל רייך זיין ווי שיינדעלע, לייבעלעס מאַמע, ווי אסתר — משהלעס מאַמע, זיין טאַטע זאָל נישט הוסטן, אים נישט שעלטן און דער רבי זאָל אים אומגערן נישט שלאָגן — אַזוי האָט איצט אין דער פרי און בייַנאַכט, צו יעדעס מאָל דאַווענען, זיין הערצל צו גאָט געשריגן: גאָט, זיי מיר מוחל, איך וועל מער נישט גנבענען, מער קיינמאָל, קיינמאָל נישט גנבענען, זאָל מיך די רביצן נישט היטן, זאָלן מיינע חברים נישט רופן מיך גנב, און זאָלן זיי דאָס לידעלע נישט זינגען!

א פּאָר וואָכן זיינען אַריבער, און די מאַמע האָט ביסלעכווייז אויפ־געהערט צו זאָגן אים איר מוסר, וואָס פלעגט ביי אים צונעמען דאָס לעצ־טע ביסל געזונט, אויך דער טאַטע האָט כמעט זיין שנאה צו אים פאַרגעסן און סיידן ביי אַ גרויסן כעס פלעגט ער נאָך אַמאָל צו די ווערטער: „פריער, עשו” — אויך צולייגן דאָס וואָרט גנב! אין חדר אפילו האָט זיך שוין דאָס לידעלע האַלב צוגעגעסן, נאָר דער קאַנטשיק דעם רבינס האָט זיין טעות נישט געוואָלט פאַרגעסן און תמיד ווי פריער פלעגט ער איצט אים טרעפן, ווען נאָר דער רבי האָט זיך געצילט אויף אַן אַנדער ייִנגל, און כאָטש דער קאַנטשיק איז נישט בעסער און נישט ווייכער געוואָרן און פלעגט יאָ־סעלען נישט וויניקער ווי טאָן ווי פריער, פונדעסטוועגן פלעגט מען פון אים אַ געשריי, אָדער אַ כליפּ הערן זעלטענער, אַ סך זעלטענער ווי פריער.

יאָסעלע האָט אַלץ פאַר גוט אָנגענומען, דעם קאַנטשיק, דאָס קינד ביאַנטשען, צום טייך מיט דער רביצן מיטן גרעט גיין, אַלץ גוט, אַבי נישט הערן דעם נאָמען גנב, אַבי נישט הערן דאָס לידעלע, וואָס טוט אים אַ סך מער וויי, ווי די אַלע זאַכן, און ער איז שוין כמעט צופרידן געווען אַזוי, אַז עס האָט זיך אים שוין אויפגעהערט צו וועלן רייך זיין, גייענדיק אַהיים האָבן שוין זיינע אויגעלעך מער נישט געזוכט צו געפונען, נישט קיין קליינע, נישט קיין גרויסע מציאה, און ער האָט ווייטער געלערנט און האָט געוואָלט לערנען. נאָר איינמאָל האָט לייבעלע, שיינדעלע דער באַלטאַקסעטעס בן־יחיד אין חדר געבראַכט אַ מעסערל, אַ קליין מעסערל מיט אַ שפּאַקטיווע, ווו עס זעט זיך דורך אַ פּיצל גלעזל גאַנץ קריאת־שמע. אַ פעטער זיינער האָט עס אים אַ מתנה מיטגעבראַכט פון אויסלאַנד.

דער רבי אַליין איז טשעקאַווע געווען אין שפּאַקטיווע אַריינצוקוקן און האָט די חידושים באַלד דער רביצן געוויזן, זי אָבער האָט בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי קאָן אַזאַ גרויסע קריאת־שמע אין אַזאַ קליין מעסערל אַריינקריכן? דער רבי האָט אפילו געמאַטערט זיך איר צו געבן פאַרשטיין, אַז דאָס איז מיט אַזאַ אחיזת־עינים, אָדער אַזאַ מין שפּאַקטיווע, וואָס ליגט אַ גרויסער שכל אין דעם, נאָר זי האָט נישט אויפגעהערט צו טענהן, אַז איר מוח פאַרנעמט עס נישט.

אַ גאַנצן טאָג האָבן זיך אַלע ייִנגלעך אָפּגעשפּילט מיט דעם מעסערל, געקוקט מיט איין אויג און געלייענט די ווערטער און אפילו מנשה מילנערס ביידע בנים, וואָס אין סידור האָבן זיי מיט מאַטערניש קוים עברי געזאָגט, האָבן אין דער שפּאַקטיווע כמעט אַ האַלבע קריאת־שמע איבערגעלייענט. דאָס מעסערל איז אומגעגאַנגען פון איין ייִנגל צום אַנדערן, ביז דער רבי האָט זיך ענדלעך אָנגעבייזערט און געהייסן לייבעלען דאָס מעסערל באַהאַלטן און לייבעלע האָט עס באַהאַלטן. יאָסעלען האָט זיך אויך געוואָלט אַ קוק טאָן אין שפּאַקטיווע, און האָט זיך געבעטן אים צו ווייזן וואָס אַלע זעען דאָרט, נאָר משהלע מזיק האָט נישט צוגעלאָזט. „ווייז אים נישט, לייבעלע, ער וועט עס גנבענען, ווערסט זען, געדענק וואָס איך זאָג דיר!” — האָט משהלע געשריגן, — און לייבעלע האָט אים נישט געוויזן. פאַרנאַכט, אַז דער רבי האָט שוין מיט די קינדער געבענטשט און קריאת שמע געלייענט, האָט לייבעלע אַ טאַפּ געטאָן אין קעשענע און צו וויינען אָנגעהויבן: „דאָס מעסערל איז נישטאָ”.. דער רבי אַליין האָט געהאָלפן זוכן אין לייבעלעס אַלע קעשענעס. נישטאָ!

איין ייִנגל האָט אַ געשריי געטאָן: „יאָסעלע האָט דאָס מעסערל

געגנבעט!" און משהלע האט עדות געזאגט, אז ער האט אליין געזען ווי יאָסעלע האט זיך האנט אריינגעשטעקט אין לייבעלעס קעשענע.

— יאָסעלע! — האט דער רבי א געשריי געטאָן.

— איך האָב אים געשיקט איך קרעמל נאָך זאלץ! — האט די רביצן זיך אָנגערופן — וואָס איז, וואָס דארפסטו אים?

— איך האָב מורא, אז ס'הויבט זיך אָן א נייע תתחנה — האט דער רבי געענטפערט זייער אומצופרידן. אין דער מינוט איז יאָסעלע אריינגעקומען מיט א ליימענעם טעפל מיט זאלץ און דערלאנגט דער רביצן צוזאַמען מיט דעם רעשט פון א צענער.

— יאָסעלע — האט דער רבי מיט א פריינדלעכער מינע געזאָגט — קום אהער, איך וויל דיך וואָס פרעגן.

יאָסעלע איז צוגעגאַנגען, נישט פילנדיק די שוואַרצע וואָלקנס, וואָס האָבן זיך מיט אַ מינוט פריער אָנגעקליבן איבער זיין אָרעם קעפעלע.

— זאָג יאָסעלע — האט דער רבי אים גליעטנדיק געפרעגט, — חו האָסט צוגענומען לייבעלעס מעסערל? אויף צופלייסן, מסתמא, פאר וואָס לייבעלע רופט דיך: גנבו! זייער רעכט, גיב טאקע נישט אוועק, גיב עס מיר, וועל איך עס שוין קיינמאָל נישט אָפּגעבן, עס וועט ליגן ביי מיר, ביז לייבעלע וועט שווערן, אז ער וועט דיך קיינמאָל נישט שלאָגן, קיינ־מאָל נישט זינגען דאָס נארישע לידעלע זיינס... אמת?

דאָס הערצל האט דערפילט אז דאָ הויבט זיך עפּעס נישט גוט אָן און מיט טרערן אין די אויגעלעך האט ער געענטפערט:

— רבי, איך האָב דאָס מעסערל נישט גענומען, נישט געזען אפילו!

דער רבי האט אים שטארק אין די אויגן אריינגעקוקט א פּאָר מי־נוט נאָכאנאנד. יאָסעלע האט דעם קוק נישט געקאָנט אריבערטראָגן און האט אָנגעהויבן צו וויינען.

— אז דו האָסט דאָס מעסערל נישט גענומען פאר וואָס וויינסטו?

— האט דער רבי שוין ערנסטער אָנגעהויבן, — אז דו וויינסט, איז דאָך טאקע א סימן, אז דו ביסט שולדיק, טאָ גיב טאקע בעסער מיט גוטן אוועק, איידער איך נעם די ריטער.

— ווי דאָס איז א ספר פון גאָט, איך האָב דאָס מעסערל אפילו נישט געזען! — שווערט זיך דאָס עלנטע קינד ביים חומש און ציטערט שוין מיט אלע אברים.

— נישט געזען? אָבער גענומען האָסטו עס? לערנט דער רבי דעם פשט.

— גענומען אויך נישט!

— האָסטו עס געגנבעט!

— געגנבעט אויך נישט, רבי! מען טאָר נישט גנבענען, איך האָב דריי מאָל ביים חומש געשוואוירן: איך וועל מער נישט גנבענען, און וועל קיינמאָל, קיינמאָל, מער נישט גנבענען!

— דער וואָס קאָן גנבענען, קאָן שווערן פאַלש, פאַרשטייסט? קליי־נער ממזר? — גיט דער רבי אים צו פאַרשטיין.

— און ווער עס גנבעט איינמאָל, גנבעט נאָך אמאָל אויך! — לייגט צו די רביצין — א שאָד אזא שיין מעסערל, ער וועט עס אוועקגעבן פאַר א קאָפּיקע. נא דיר א האנט! פאָלג מיך, בערל, טרייסל אים אויס די קעשענעס, וועסטו געפינען!

און ר׳ בערל נעמט, טאַפּט איבער יאָסעלעס שטיקל בגדל, הייסט אים די שיכלעך און די זעקלעך אויסטאָן, נעמט אויך זיין היטעלע אראָפּ פונם קעפּל, טאַפּט דעם אויבערשלאַג און אונטערשלאַג, נישטאָ... און ר׳ בערל הויבט אָן צו גלויבן, אז יאָסעלע איז נישט שולדיק, נאָר ליי־בעלע, וואָס וויינט און קלאָגט אויף זיין טייער מעסערל און מיינט נישט מער, דאָס מעסערל זאָל זיך געפינען, און משהלע מזיק, וואָס האָט גיכער דאָס מעסערל אליין צוגענומען. און ערגעץ באַגראָבן — שרייען און שווערן, אז יאָסעלע האָט דאָס מעסערל געגנבעט און אין הויף ערגעץ באַגראָבן.

— א מיאוסע מעשה! — שרייט דער רבי, — דאָס מעסערל זאָל ווערן, עס מעג מיך מיין לעבן קאָסטן! און אזוי שרייענדיק ציט ער ארויס עטלעכע פייטשע ריטער פונעם בעזעם און לייגט יאָסעלען אויפן בענקל.

— זיי זיך מודה! — שרייט ר׳ בערל מיט רציחה און שמייסט — זיי זיך מודה, זאָג, ווו דו האָסט דאָס מעסערל באַהאַלטן?

יאָסעלע שרייט פון ווייטיק, נאָר אָן ווערטער.

— זיי זיך מודה, שייגעץ — הויבט בערל ווידער אָן — וועט אפילו די מאַמע דיינע דערפון נישט וויסן, זיי זיך מודה, גיכער, ווו האָסטו דאָס מעסערל באַגראָבן?

יאָסעלע רעדט אַלץ נישט, נאָר ער שרייט נאָך מיט די לעצטע כוחות.

— זאָג גיכער, דו קליינער גנב, זאָג, אז נישט שלעפּ איך דיך פאַר די אויערן צו דער מאַמען דיינער, זאָל זי דיך שלאָגן, פאַר איר וועסטו דיך מודה זיין! — פּרוווט דער רבי און לאָזט די ריטער מיט מער כח ווי פריער.

—אוי רבי, איך שטארב, נישט שמייסט מער, איך וועל שוין זאָגן — שרייט דאָס געפּיצ־ציקטע קינד.

דער רבי הערט אויף צו שמייסן — שאַ, עס גייט אויף א דרך, זאָגט ער און ווארט, יאָסעלע זאָל אָנהויבן אויסצוזאָגן, נאָר יאָסעלע וויינט נאָך און זאָגט נישט.

— וואָס זאָגסטו נישט? — פרעגט בערל אומגעדולדיק.

— וואָס זאָל איך זאָגן? פרעגט יאָסעלע כליפּענדיק.

— ווו דו האָסט דאָס מעסערל באַגראָבן? זאָג!

— איך ווייס נישט!

ווידער איך ווייס נישט? — קומט דער רבי אריין אין רציחה און הויבט אָן אים צו טרייסלען ווי מיט א לולב — ווארט, דו וועסט באלד וויסן, צו דער מאמען קום, דו ממזר, צו דער מאמען! זאָל זי שטארבן פון מיינעטוועגן, וואָס זי האָט אזא טייער קינד! שטום האָט זי געמיינט ווערן, איידער איך האָב זיך געלאָזט איבערריידן פון איר, דיך אין מיין חדר אריינצונעמען!... אוי, אוי! — האָט ר׳בערל געשריגן ווי א ווילדער — מיין גאנצן נאָמען וועל איך מיר צוליב דעם איינעם איבערפירן! צו דער מאמען קום, לאָמיך מיין כעס אויסלאָזן צו איר... און ר׳ בערל האָט אָנגעטאָן דאָס היטל, גענומען דעם שטעקן אין איין האנט, מיט דער אַנדערער האנט האָט ער יאָסעלען א כאפּ געטאָן און אים ארויסגעשלעפּט פון חדר און נאָכאַנאַנד געשריגן: צו דער מאַמען קום!

— אוי רבי, פירט מיך נישט צו דער מאמען! זי וועט שטארבן האָט יאָסעלע געבעטן.

— טאָ זאָג, ווו האָסטו דאָס מעסערל באַגראָבן?

— אין הויף, אין א גריבעלע! — האָט ער געענטפערט — מען זאָל אים נאָר צו דער מאמען נישט פירן.

— קום ווייז, ווו?

— איך וועל ווייזן, רבי! פירט מיך נישט צו דער מאמען!

און דאָס אָרעמע קינד האָט דעם רבין אין הויף געוויזן, ווו ער האָט דאָס מעסערל כלומרשט באַגראָבן. געגראָבן מיט ציטערנדיקע הענט־לעך די ערד, אליין נישט וויסנדיק, וואָס ער גראָבט, וואָס ער זוכט!

— פאַרוואָס געפינסטו נישט? — האָט בערל ווידער מיט כעס אָנגעהויבן.

— רבי גוטער, רבי טייערער, — האָט יאָסעלע פלוצים אָנגענומען דעם רבינס האנט און האָט אָנגעהויבן קושן און מיט ביטערע טרערן באַגיסן, — איך האָב דאָס מעסערל נישט גענומען, נישט געגנבעט, נישט

געזען אפילו, און נישט באַגראָבן, אונטערן בלויען הימל שווער איך, און גאָט איז אַן עדות, אַז איך האָב דאָס מעסערל נישט גענומען!... שלאָגט מיך נישט, אַז נישט וועט גאָט אייך שטראָפן! ער איז מיין עדות און ער וועט זיך אָננעמען פאַר מיר.

יאָסעלע האָט עס אַזוי פּיעטליעך און ריירנד אַרויסגערעדט, אַז די עטלעכע וועריטער זיינע האָבן אויפן רבין געווירקט אַ טראַכט צו טאָן: טאָמער ווייסט דאָס קינד טאַקע פון קיין זאַך נישט, מוז זיך גאָט באמת אָננעמען פאַר אים! און ער האָט כמעט אָנגעהויבן ציטערן פאַר דער שטראָף וואָס אים קומט דערפאַר.

— טאָ, וועער דען האָט דאָס מעסערל גענומען? דאָס מעסערל איז דאָך געווען, לייבעלעס איז פון חדר נישט אַרויס, וועער זשע איז דער גנב?

איך ווייס נישט, איך ווייס נישט רבי! — האָט יאָסעלע געטענהט.

ר' בערל האָט אָנגעהויבן איבערטראַכטן אַלע קינדער, ווער פון זיי קאָן פעיק זיין אַזאַ מעסערל צו גנבענען און ער האָט זיך דערמאָנט, אַז משהלע מזיק האָט די גאַנצע צייט זיך געהאַלטן עפעס נישט ווי אַלע מאָל, נישט ווי אַלע קינדער. עס קאָן זיין זיין אַרבעט, — האָט ער צו זיך גערעדט, — נאָר גיי טשעפּע זיך מיט אים, טאָמער געפין איך ביי אים נישט, בין איך פשוט מיט מיין לעבן נישט זיכער — איצי שניט־קרעמער, דער טאַטע זיינער, קאָן מיך אין אָסטראָג אַריינזעצן, אָדער קומען אין חדר מיר אַראָפּלאָזן אַ פּאָר פּעטש... אפילו איך זאָל ביי אים יאָ געפינען, וועל איך מיך נישט אויסצאָלן קאָנען... אַזוי איז שלעכט, און נישט אַזוי איז אויך ביטער! וואָלט עס כאָטש געווען אַ פשוט מעסערל, וואָלט איך, באַדיי אַ האַלב קערבל פון קעשענע אָנווערן, אָפּקויפן לייבעלען אַזאַ מעסערל און גיי וועער זיך, דאַרף עס זיין מעשה־שטן אַ מעסערל מיט אַ שפּאָקטיווע, מיט אַ קריאת שמע... אויסברעכן זיך האָט געמעגט יענער אויסלענדער די האַנט, וואָס האָט געמאַכט אַזאַ מעסערל, און מיך זאָל דאָס אומגליק דורך אים טרעפן!

— קום אַהיים צו דער מאַמען דיינער, — האָט בערל פּלוצלונג צו יאָסעלען געזאָגט גאָר מיט אַן אַנדערן טאָן, — דערצייל איר קיין מעשות נישט, אַז איך האָב דיך געשמיסן, און עס פאַרדריסט מיך טאַקע, אפשר בין איך טאַקע נישט שולדיק, איך בין אָבער אויך נישט שולדיק, און אויף מיר וועט פאָרט לייבעלעס מאַמע שרייען.

— פירט מיך נישט צו דער מאַמען, רבי טייערער! — בעט זיך דאָס קינד, — זי וועט שטאַרבן, איך האָב מורא.

— אז דו האָסט נישט גענומען — טרייסט אים ר' בערל — דאַרפסטו נישט מורא צו האָבן װעט זי דיך נישט שלאָגן, בארעלע?

— פאַר װאָס האָט מיך דער רבי געשמיסן און געשלאָגן, כאָטש איך האָב נישט גענומען! — פרעגט דאָס קינד כליפּענדיק.

— איך װייס דאָך נישט, צי יאָ, צי ניין — פאַרענטפערט זיך ר' בערל.

— פאַר װאָס האָט דער רבי נאָר מיך אַליין געשמיסן? — פרעגט יאָסעלע װײדער, — אפשר האָט אן אנדערער דאָס מעסערל גענומען?

— פאַרשטייסט פאַר װאָס נאָר דיך? — דערקלערט אים דער רבי, — װייל דו האָסט שוין געפּרוּװט זיין אַמאָל א גנב... געדענקסט, אפשר איז דענסמאָל אויך געװען א ליגן? א ייִנגל, װאָס מען האָט שוין געכאַפּט אַמאָל ביי א גנבה, דאַרף נישט אין כעס זיין, אז מען איז אים חושד נאָך אַמאָל, כאָטש אפשר אומזיסט... פאַרשטייסט?

יאָסעלע האָט נישט געענטפערט, נאָר די טרערן זיינען האָבן זיך פונ־דאָסניי אָנגעהויבן גיסן, און נישט רעדנדיק מער קיין װאָרט, איז ער ציטערנדיק מיטן רבין צו זיך היים געקומען.

כיענע איז װי א פאַרשטיינערטע זיצן געבליבן און נישט געקאָנט א װאָרט אַרויסרעדן, אז זי האָט אויסגעהערט בערלס ספּור װעגן מעסערל. ברוך אָבער האָט זיך באַלד מיט כעס א װאָרף געטאָן צו זיין קינד און עס אָנגעהויבן שלאָגן.

— אָן כעס, ר' ברוך, מיטן בייזן מאַכט מען ערגער! — האָט דער רבי זיך אַריינגעמישט, — נאָר מיט גוטן, און נישט איר װעט ביי אים דערגייקן, די מאַמע זיינע מוז אים אויספאָרשן מיט גוטן, װי א מאַמע קאָן.

— װי זאָל מען נישט זיין אין כעס, א גנבו? — האָט דער טאַטע געשריגן, — איך װעל אים א ליעבעדיקן נישט לאָזן, אָט שוין זאָל מיר װערן דאָס מעסערל! דו הערסט, דו ממזר, דו גנבו! און ער האָט זיך װוי־דער גענומען צו יאָסעלען.

— אװעק פונעם קינד! — האָט כיענע א געשריי געטאָן נישט מיט איר קול, מיין ממזר, מיין גנבו איך װעל פאַר אים ליידן, און דו װיסטער טאַטע, פרוּװ נאָר א פינגער אויף אים נאָך אַמאָל אַרויפלייגן, װאָס מיר װעט אין האַנט אַריינפאַלן, װעט פליען דיר אין קאָפּ אריין.

— זייער שיין, זייער פיין! — האָט דער קראַנקער שמש הוסטענדיק געזאָגט — זעט איר שוין, ר' בערל, אין װעמען דער גנב איז געראָטן? שעמען דאַרפסטו זיך! זאָגט, ר' בערל, צי האָב איך רעכט!

— כעס איז בכלל א מידה מגונה, און וויבאלד איר זייט אין כעס, איז שוין נישט גוט! — האט זיך ר׳ בערל אנגערופן — כיענע, איר וועט מיט גוטן דעם גאנצן אמת דערגיין, נאר מיט גוטן, איך בעט אייך, כיענע, נאר מיט גוטן! פריער אדער שפעטער, מוז זיך דער אמת באווייזן, און טאמער וועט זיך טאקע ארויסווייזן, אז שולדיק איז און אנדער יינגל, נישט יאסעלע, איז באמת א זינד א גרויסע, אומזיסט אים צו שלאגן!

— אזוי שולדיק זאל איך קומען פארן רבונו של עולם, ווען מיין שעה וועט קומען! — האט כיענע געשוואירן, — א מאמעס הארץ פילט, ווען איר קינד איז שולדיק און ווען נישט!... איך האב נישט פאראיבל אויף אייך, רבי, וואס איר זייט מיין קינד חושד, וואס זאל א פרעמדער זאגן, אז און אייגענער טאטע רעדט נישט בעסער? נאר אפדארן מעג יענעם די הענט, ווער עס האט דאס מעסערל גענומען, און איבער אים האט מען מיין קינד אזוי געפייניקט!... רבונו של עולם, באווייז דיין אמת, דיין משפט אויף דער וועלט, און זאל מיין קללה דעם איינמאל אין מיין לעבן, יענעם אנקומען, וועד עס האט די כשר פארדינט!

— צום חדר האט עס נישט — האט בערל ווי זיך פאריענטפערנדיק געזאגט — זאל יאסעלע קומען מארגן אין חדר, דאס מעסערל וועט זיך געפינען, איצט גלויב איך אליין, אז אייער קינד ווייסט פון דעם נישט. א גוטע נאכט!

— א גוט יאר! — האט כיענע געענטפערט. און ר׳ בערל איז אוועק אהיים זייער צעטראגן: וואס וועל איך ענטפערן שיינדעלען, וואס וועט מיר אודאי נישט שווייגן, וואס ביי מיר אין חדר זאל מען ביי איר איינציק קינד צוגנבענען אזא טייער מעסערל! און נאך ערגער, ווי דערקלערט מען איר, אז דווקא דער, וואס מען איז אים מער חושד, איז ווייניקער שולדיק און אפשר טאקע גאר נישט שולדיק? זאגן איר, אז משהלע מזיק האט געקאנט דאס צונעמען? עס פעלט מיר מער נישט! נו, און אבשיקעניש, א נסיון און אמתער!...

קומענדיק אין חדר האט ער די קינדער שוין נישט געפונען, זיי זיינען זיך אלע צעלאפן, און אויך לייבעלע, וואס האט אליין נישט געוואלט ווארטן ביז דער רבי וועט קומען מיטן מעסערל איז אהיים אוועק מיט פארשוואלענע אויגן פון וויינען. קומענדיק אהיים האט ער באלד כלייפענדיק דער מאמען זיינער דערציילט, אז דאס טייערע מעסערל האט יאסעלע דער שמשטעס יינגל ביי אים צוגעגנבעט, יאסעלע איז א גנב — האט דאס ציטעריקע קינד דערציילט — וואס האט ביים רבין אליין אבמאל געלט גענבעט, די 50 קאפיקעס, וואס האט אמאל פון דעם געלט

געפעלט, בעת דער טאַטע האָט געשלאָגן חאַצקעל דעם משרת. די רביצן זאָגט: יאָסעלע האָט לאַנגע הענט אויך, אַז ער ציט אויס זיינע הענט קאָן ער פון ציען איילן ווייט אַרויסנעמען פון קעשענעס! — די לעצטע ווערטער האָט דאָס קינד געהערט פון די חדר־יינגלעך הערקלערנדיק, וואָס מען מיינט „לאַנגע הענט".

פאַר וואָס האָסטו מיר גאָר קיינמאָל נישט געזאָגט, אַז דער יאָסעלע, א מיתה משונה אויף אים, איז א גנב? — האָט די מאַמע געפרעגט, — וואָלט איך געוווּסט, וואָלט ער שוין לאַנג אין חדר נישט געזעסן, און וואָלט היינט דיין מעסערל נישט געגנבעט.

דער רבי האָט נישט געהייסן אויסזאָגן. אַלע יינגעלעך האָבן געשוווירן נישט אַרויסצוזאָגן פון חדר, — האָט לייבעלע וויינענדיק דערציילט, — אַזוי האָט דער רבי אים אויך געשמיסן און ער האָט צוגעזאָגט עס אָפּ־צוגעבן אין דערהיים ביי אים.

שיינדעלע איז אַן אָנגעצונדענע געוואָרן, אויסהערנדיק איר ציטעריק קינדס ביטערע בייעס, און האָט שוין געוואָלט לויפן זיך אָפּרעכענען מיט בערלען, נאָר דער מאַן האָט זי אָפּגעהאַלטן און האָט געזאָגט:

— האָב צייט, עס קאָן זיין, דער רבי וועט עס באַלד אָפּברענגען.

— מיינסט אוודאי איך וועל מיך פּוילן אַריבערצוגיין צו כיעגען, דעם גנבס מאַמען? — האָט שיינדעלע געשריגן, — זאָל דער רבי נישט אָפּ־ברענגען, זי וועט מיר מוזן אָפּגעבן דאָס מעסערל כאָטש קראַנקערהייט — אַזאַ שפלה, מיט וואָס פאַר א שבועות און חרמות זי האָט זיך געשווירן, אַז איר ממזר וועט זיך אפילו נישט צורירן צו מיין קינדס א קאָפּיקע, אָדער אַן אָנבייסן און איך נאָר האָב מיר געלאָזט איינרעדן און געהייסן דעם רביין איר ממזר אין חדר אַריינצונעמען, כדי ער זאָל ביי אים אויסבאָרן און אויפּקגנבענען אַלץ, וואָס דאָס קינד נעמט מיט, און אַוועקגעבן דער מאַמען זיינער! היינט גיי דערקען א מענטש, רעדט, דאַכט זיך, מיט גאָט און לערנט גאָר איר קינד גנבענען ביי די חדר־יינגלעך און איר ברענ־גען אין שטוב אַריין!

— איך האָב דיר לאַנג געזאָגט, — האָט זיך ר' שלמה אָפּגערופן — אַז אַן אָרעמאַן איז א גנב! קומט צו דיר אַן אָרעמאַן אַריין, לאָז אים שטיין ביי דער טיר, גיב אים זיין נדבה, אַז דו האָסט א גוט האַרץ, און לאָז ער גיין געזונט! קומט אַריין צו דיר כיענע, אַדער אַנדערע אַזעלכע זאָגע־רינס און וויילגעלערנטע, רוקט מען איר אין האַנט אַריין א פּאָר גראָשן און אויס מתחותנתטע! דו אָבער ביסט נישט בעסער פאַר אַלע ווייבער, קומט אַריין א כיענע, א שפלה, טעמסטו זי אַריין אַריבנאָן, האָסט מיט

איר עסקים, הערסט אויס אירע אויסגעטראַכטע מעשׂות; זי האָט א קינד מיט א פּיין קעפּל, וויל אים תּורה לערנען, גלויבסטו — און הייסט דעם רבין פון אונדזער איינציק קינד, ער זאָל אים אין חדר אַריינגענעמען, צו אונדזער ליבעלען א חבר!

— נו, נו, איך וועל זיך מיט איר אָפּרעכענען! — האָט שיינדעלע זיך אָפּגערופן ווי אויף להכעיס פאַר איר מאַנס מוסר, — א קראַנקע וועט זי מיר דאָס מעסערל אָפּגעבן און איר פוס וועט מער אויף מיין שוועל נישט אַרויפטרעטן — וואָס האָב איך מורא פאַר איר? זי וועט מיך שעלטן און פלוכן, זי האָט א גוט פּיסקל? וועלן אירע קללות פאַלן אין טיפן ים און אויסגיין צו אירע הענט און פיס! אומזיסטע קללות, בישקשה, קומען נישט אָן!

— אָבער צי וואָס האָסטו דאָס אין גאַנצן באַדאַרפט? — האָט דער מאַן נישט אויפגעהערט צו מוסערן זי — ווילסט זיך א גוטע? מען טאָר קיין גוטע נישט זיין צו קבצנים! זאָלסט זיי דאָס העמד פון לייב אָוועקגעבן, וועסטו פאַר זיי נישט יוצא זיין, איז דאָך טאַקע גלייכער, אז מען האָט לכתחילה מיט זיי קיין מגע ומשא נישט... גוט געוועזן צו כיענען, געגעבן איר, גע־שטאָפּט, נאַ דיר איר האַנט, איצט וועט זי דיר נאָך מאַכן א שם און נאָך פלוכן אויך... א מצווה אויף דיר!

אחרי האָבן זיך מאַן און ווייב געקריגט א שטיק אין דער נאַכט, ביז ליבעלע איז א וויינענדיקער אַנטשלאָפן געוואָרן.

ר' בערל קומענדיק צוריק פון כיענען, האָט אויך א גוטע שעה מלחמה געהאַלטן מיט זיין ווייב; זי האָט געשריגן, אז ער איז א טראַפּקע, א ליימענער דישל, און אים איז רעכט, אז יאָסעלע האָט דאָס מעסערל נישט גענומען, ווייל כיענע, מסתּמא, האָט דיך מיט איר געשליפן צינ־געלע, האָל עס באַר איר אָפּגענומען ווערן, איינגערעדט, אז נישט. גרויסער נאַר מיט דער לאַנגער באָרד! — האָט זי געשריגן — אז נישט יאָסעלע האָט גענומען, קומט דאָך אויס, אז איך, אָדער דו זיינען די גנבים!

אז דאָס האָט געקאָנט צונעמען יעדעס ייִנגל אין חדר פּונקט אַזוי ווי יאָסעלע, אז אויף אזא קונציק מעסערל וואָלט אפשר דער גרעסטער צדיק א ייִנגל נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון, און מער פאַר אַלעמען האָט עס געקאָנט און טאַקע אפשר געוויס, צונעמען משהלע מזיק, ווי אים איז אַלץ מער קלאָר געוואָרן, האָט ער מורא געהאַט צו זאָגן, א ייִדענע האָט א לאַנגע צונג, און זי וועט עס אַרויסריידן, נו, נו, מער דאַרף איך נישט! — האָט ער געטראַכט, — און האָט זיין חשד אויף משהלע מזיק נישט אויסגעזאָגט.

— ביי אַן אַנדערן מלמד, וואָלט ער זיך מודה געווען! — האָט די רביצן אַלץ געטענהט.

— קיין אַרעסטאַנט וועט מען דאָך נישט שמייסן, ווי איך האָב אים געשמיסן! — האָט בערל געענטפערט, — ביסט, דאַכט זיך, אַליין דערביי געשטאַנען און האָסט געזען! און שטעל דיר פֿאָר, דו נאַרישע אשה, ווען דאָס אָרעמע קינד איז היינט גראָד נישט שולדיק, מיינסטו, שווייגט גאָט פֿאַר אַזאַ אַכזריות פּייניקן אַן אומשולדיקן?

— וואָס ווערסטו אָבער ענטפערן שיינדעלען? ווייסט דען נישט, אַז שפּילסט דאָ מיט פֿייער? — האָט זי איריס געטענהט.

— דערפֿאַר טאַקע הייבט זיך מיר דער מוח! — האָט בערל געקרעכצט, און האָט טאַקע אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט שלאָפֿן פֿון עגמת נפש.

גוט און רויק, כמעט רויקער ווי אַבי ווען האָט כיענע די נאַכט געשלאָפֿן. זי האָט טאַקע, נאָך בערלס אַוועקגיין, זיך גענומען צו יאָסעלען אויספֿרעגן מיט גוטן און מיט בייזן, טאָמער ווייסט ער וואָרט פֿון אַ שטיקל נגיעה צו דעם מעסערל, און אַז זי האָט זיך איבערצייגט פֿון אַלע זיינע תשובות, אַז ער איז אינגאַנצן, פֿון אָנהייב ביזן סוף, אומשולדיק, האָט זי זיך גוט אויסגעוויינט, קוקנדיק ווי צעשניטן זיינען געפּייניקט לייבעלע איז, אים גוט אָנגעקושט, געדאַנקט גאָט, וואָס איר קינד איז קיין גנב נישט, זיך געלייגט שלאָפֿן און ביז טאָג אפֿילו זיך נישט אויפֿגעכאַפּט. אויף מאָרגן פֿרי האָט זי יאָסעלען אין חדר געשיקט און אים געזאָגט, ער זאָל ביי זיך גאָר נישט אַראָפּגעפֿאַלן זיין, גאָט וועט זיין אומזיסטע פּיין און יסורים צוזען און דער אמת וועט זיך באַווייזן!

דער רבי האָט אים אַ וואָרט נישט גערעדט, נישט צו גוטן, נישט צו בייזן, נאָר לאה די רביצן האָט גענומען דיפּלאָמאַטיש און איידל אים אויספֿרעגן, טאָמער וועט איר געראָטן מיט רייד, וואָס איר מאַן איז נישט געראָטן מיט ריטער און קלעפּ.

— זאָג, דו גנב, אַ כפּרה זאָלסטו ווערן, דו ווייסט טאַקע נישט אַוועקגעבן דאָס מעסערל? געבן זאָל דיר גאָט יסורים פֿאַר אַלע ייִדן!

יאָסעלע האָט זי נאָר אָנגעקוקט, אָבער נישט געענטפֿערט.

— וואָס שטומסטו? שטום זאָלסטו ווערן, איך פֿרעג דיך דאָך!

— איך האָב נישט געגנבעט דאָס מעסערל, נישט געזען אפֿילו! — האָט יאָסעלע געענטפֿערט קורץ און שאַרף.

— זאָלסט שוין אַזוי נישט זען ליכט אין דיינע אויגן, ווי דו האָסט שוין דאָס מעסערל יאָ געזען! וואַרט דו ממזר, גנב קליינער, איך וועל

זיך ערשט נעמען צו דיר, דיין רבי איז נישט ווערט, וואָס ער גייט אויף דער וועלט, וואָס ער האַלט אַזאַ גנב אין חדר!

יאָסעלע האָט נאָר אָנגעקוקט די נאַרישע יידענע, וועלכע ער האָט אַלעמאָל געפּאָלגט אין פייער און וואַסער, און ער האָט זי אין יענער רגע פיינטער געהאַט פאַר איר רייד, ווי דעם רבין פאַר זיינע שמיץ. פּלוצלונג האָט זיך בריט די טיר פאַנאַנדערגעעפנט און שיינדעלע מיט איר בן יחיד זיינען אריין.

שיינדעלע, אַ דיקע יידענע מיט אַ דרייעטאַזשיגעם גורגער, מיט אַ האַלדז גרויסע פּערל, אינגאַנצן רויט ווי פייער, האָט פאַרגעסן פון כעס אפילו גוט־מאָרגן צו זאָגן. ר' בערל האָט איר פריער געזאָגט: גוט־מאָרגן!

— נו, רבי, שוין האָב איך אויסגעפירט, אַט דאָס קומט מיר פאַר אַלעם גוטן, וואָס איך האָב געטאָן פאַר אייך, איר זאָלט צו מיין קינד אַ חבר אַ גנב צוזעצן, אַ קבצניש קינד, אַ שלעפּער ערגעץ, זאָל עס נישט אויסגע־רעדט זיין, און ער זאָל אים טאָג־טעגלעך באַגנבענען פון קאָפּ ביז די פיס!... וווּ איז דער רבי? איך מיין: ווי זייט איר ר' בערל? וווּ איז אייער השגחה, אייער הדרכה, פאַר וואָס נעמט איר שכר־לימוד? אַ שיינע הדרכה קאָן שוין זיין, אַז ביים רבין איז רעסט אַריינצונעמען אַ ממזר, אַ גנב, נישט געדאַכט זאָל עס ווערן, די קינדער זאָלן פון אים אויסלערנען כל־בו!

זעצט זיך, שיינדעלע, רוט אָפּ אַביסל! — האָט דער רבי געבעטן, צו־רוקנדיק צו איר אַ בענקל, וואָס ער האָט מיט זיין פאָלע דעם שטויב אָפּ־געווישט.

—איך בין נישט געקומען זיצן ביי אייך, — האָט שיינדעלע ווייטער אָנגעהויבן, — איך בין געקומען דאָס מעסערל אָפּנעמען, עס מעג מיך קאָסטן אַ האַלב לעבן, עס גייט מיר נישט אַזוי וועגן עצם מעסערל, כאָטש אַ טייער אויסלענדיש מעסערל, אויף וואָס איר זייט גאָר קיין מבין נישט; ווי קומט איר דערויף גאָר אַ מבין צו זיין? איר זייט דען אַמאָל געווען אין אויסלאַנד, זינט איר לעבט? נאָר אַ כפּרה דאָס מעסערל פאַר מיין לייבעלעס נעגעלע, איך וואָלט פאַר זיך וויינען און קלאָגן אַ גאַנצע נאַכט מי יודע וואָס נישט גענומען; אָפּגענומען זאָל ווערן כינעס ממזר דעם גנב דאָס לעבן, ווי עס איז מיין איינציק קינד אָפּגענומען געוואָרן אַ שטיק געזונט! צי וואָס האָב איך עס באַדאַרפט? צי וואָס האָט עס מיר געטייגט, איר זאָלט אַזעלכן אין חדר האָבן? איר, רבי, זייט שולדיק! איך בין אַ יידענע, וואָס האָב איך געמיינט, אַז איר נעמט אים אַריין אין חדר, מסתמא ווייסט איר דאָך, אַז עס איז אַן ערלעך קינד, היינט נאָט אייך זיין ערלעכקייט! נאָר וואָס רייד איך, וואָס עפּעס היינט?

שוין דריי וואָכן, אַז איר ווייסט, אַז ער איז אַ גנב, אַ ווייסל פון אויג, ביי אייך אליין האָט ער געלט געגנבעט, אַלע קינדער ווייסן עס און רופן אים גנב, נאָר איר האָט זיי פאַרשווערן נישט אויסצוזאָגן, און דאָס וועל איך אייך קיינמאָל נישט מוחל זיין! אַ שיינע מעשה, כ׳לעבן. נישט אויסזאָגן, הייסט מען אַ קינד, אַז אַ רבי גיט אַמאָל אַ שמיץ, אַ קלאַפּ, אָבער נישט אויסזאָגן, אַז אין חדר זיצט דאָ אַ יינגל אַ גנב, און נאָך וואָס פאַראַ גנב, אַ שלעפּער ערגעץ? ביין, רבי, דאָס פאַרשטיי איך שוין גאָר נישט, סיידן... כאַר גלייכער, אַז מען שווייגט.

— שיינדעלע, באַרואיקט זיך — האָט ר׳ בערל מיט הכנעה געבעטן, — איר זייט טאַקע גערעכט, ווי איך בין אַ ייד גערעכט. אָבער איך בין אויך נישט שולדיק, אַ קינד, אַ קינד האָב איך גערעכנט, טוט אַמאָל אַ נאַרישקייט, האָב איך אים גאַנץ גוט אָפּגעשמיסן פאַר זיין מאַמען אין די אויגן און האָב עס גאָר נישט אָנגענומען פאַר אַ גנבה. אַ שטיל קינד, פרעגט אַלע יינגלעך, צי ער האָט אַמאָל ווען אפילו אַ האָר גענומען? מיט דעם מעסערל איצט איז טאַקע אַ מיאוסע מעשה, אָבער איך ווייס נאָך נישט, צי האָט ער גענבעט, צי האָט מען עס בכלל גענבעט, אפשר האָט עס לייבעלע פאַרלוירן ערגעץ?

— אַלע בייזע חלומות צו מיינע שונאים קעפּ! — האָט שיינדעלע אַ שפּיי געטאָן און זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן רבין — וואָס מיינט איר עפּעס, רבי, איך ווייס נישט, מיינט איר, אַז ער האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט עס זיין מאַמע אַוועקגעגעבן? געגעבן זאָל צו איר ווערן אַלע קרענק און יסורים. וואָס האָט געזאָלט זיין מיר, מיין מאַן און מיין איינציק קינד! נאָ דיר גאָר אַ נייעס, איך האָב געמיינט, אַז דאָס מעסערל האָט איר שוין לאַנג אָפּגענומען, און לייבעלע האָט אויך אַנדערש נישט געמיינט, אַז דער רבי וועט אים באַלד, ווי ער וועט אין חדר אַריינגיין, עס אָפּגעבן, איך בין נאָר געקומען אייך אויסרעדן די עוולה, וואָס איר האָט אַ גנב ביז איצט אין חדר געהאַלטן, און טאַקע זען, אַז פאַר מיינע אויגן טרייבט איר אים אַרויס, ערשט איצט הער איך גאָר, אַז דער רבי אליין באַכט גאָר חוזק הערפון... פון וואַנען ווייסט איר, זאָגט איר, צי דער גנב האָט געגנבעט? — ...אַז עס טרעפט זיך אַ גנבה, קומט אויס נאָך אייערע רייד, דאַרף מען פריער זיך בעטן צום רב, דערנאָך ערשט צום בעדער? פריער מסתמא איז מיין לייבעלע דער גנב אין נאָך אַזעלכע באַ־לעבאַטישע קינדער, און דערנאָך וועט איר אַ קלייער טאָן, עס קאָן אפשר זיין, אַ כיעבעס ממזר און גנב האָט געקאַנט צינעמען דאָס מעסערל!... פע, שעמען זיך דאַרפט איר, רבי, ער האָט זיך מודה געווען, וואָס ווילט

איר מיר איינרעדן, אַז איר ווייסט נאָך נישט, צי ער האָט עס געגנבעט?!

— אַז איך האָב אים געשמיסן, האָט ער זיך כלומרשט מודה געווען — האָט דער רבי איר געוואָלט דערקלערן — אָבער באמת האָט ער אַליין נישט געוווּסט, וואָס ער איז זיך מודה.

— אַזוי שמייסן איז דאָס מסתמא געווען! — האָט שיינדעלע מיט אַ ביטערן געלעכטערל געזאָגט — וואָס קומט אַרויס פון די רייד? איך זע דאָך, אַז איר האַלט פאַר אים שטאָל און אייזן, איר מיינט: ער וועט נאָך בלייבן ביי אייך אין חדר? זאָג איך אייך, אַז דאָס זאָלט איר זיך גאָר נישט איינרעדן, סיידן איר ווילט, מיין לייבעלע זאָל נאָך היינט פון אייער חדר אַרויס; און מיט גאָטס הילף, וואָס שיינדעלע וועט טאָן, ווײַזט אייך מאַן אסתריל, שרהלע און חוהלע, און נישט אייך רעכטע מאַמע וועט איר קינד צו אייך אין חדר לאָזן גיין, איר ווילט אים האַלטן? געזונטערהייט! האָט אייך אַ חדר פון גאַלע גנבים, כּל־בוניקעס און ממזרים, וועט עס אייך אפשר מער לוינען, ווי צו זיין אַ מלמד פון באַלעבאַטישע, אָרנטלעכע, ערלעכע קינדער... נאָר צום מעסערל האָט עס נישט, דאָס מעסערל זאָל מיר ווערן, עס מעג זיך די גאַנצע וועלט איבערקערן, דאָס מעסערל זאָל איך שוין האָבן! ווו איז דער גנב? ווײַזט מיר אים, איך וועל אייך ווײַזן אַ קונץ, אַז מיר וועט ער עס אַוועקגעבן.

— יאָסעלע! — האָט דער רבי אַ געשריי געטאָן — קום אַהער!

יאָסעלע איז צוגעגאַנגען, אין מויל האָבן אים די ציינדעלעך געצי־טערט פאַר שרעק.

— אָט דאָס איז ער? — האָט שיינדעלע אים אָנקוקנדיק געזאָגט און אַ שפּיי געטאָן — אָט מיט דעם קליינעם שלעפּער וועל איך נישט אויס־פירן? איבער דעם פּאַרדעניש האָט מיין לייבעלע אַ גאַנצע נאַכט גע־וויינט? מיר וועלן זען, צי וועל איך אויספירן, צי נישט! ביי מיר האָט זיך אַ סאָלדאַט אַ גנב מודה געווען, אַז איך האָב אים אַ פּאַטש נאָך אַ פּאַטש נאָכגעלאָזן, און מיין גנבה מיר אין שטוב אַריינגעטראָגן, וועט דער קליינער בענקאַרט זיך נישט מודה זיין?

— דאָס מעסערל גיב אַהער, דו גנב! — האָט פּלוצלונג שיינדעלע אַ געשריי געטאָן צו יאָסעלען, און אים מיט דער פולער האַנט אַראָפּגע־לאָזן אַ פּאַטש איבער זיין גאַנץ פּנימל — דאָס מעסערל גיב אַוועק, אַז נישט וועלן זיך דאָ דיינע טריפהנע ביינדעלעך צעשייטן אונטער מיינע הענט! — און נישט קוקנדיק, וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן גיסן ביים קינד בלוט פון נאָז, האָט זי עס ווייטער געשלאָגן, געריסן און געשריגן: — דאָס מעסערל גיב אַוועק, איך וועל דיך נישט אָפּלאָזן, ביז איך וועל דאָס מע־

סערל האָבן! ר׳ בערל האָט באמת מורא געהאַט, זי זאָל דאָס קינד דאָ ביי אים אין חדר נישט טויטן און האָט געבעטן:

—שיינדעלע, איך בעט אייך, לאָזט אים אָפּ, וויפל איז ווערט אזא מעסערל? א האלבן רובל? א רובל? רעכנט מיר אראָפּ פון שכר לימוד; אים טרייב איך ארויס פון חדר ווי איר זאָגט, נאָר שלאָגט נישט א פרעמד קינד, עס איז שוין גענוג געשלאָגן און געפייניקט געוואָרן.

— טאָ טרייבט אים שוין ארויס, די מינוט זאָל זיין פוס דאָס נישט זיין! — און נישט וואַרטנדיק ביז דער רבי וועט עפּעס טאָן, האָט זי א כאַפּ געטאָן דאָס צעבלוטיקטע קינד און עס ארויסגעשטויסן פון טיר.

— וואָן ארויס! דיין פוס זאָל דאָ נישט זיין, דו גנב! — האָט זי געשריגן.

— לאָזה — האָט דער רבי געהייסן, — נעם אים אריין אין הויף און וואַש אים אָרום דאָס בלוט.

— וואָס האָט איר מורא? — האָט שיינדעלע געשריגן, — איך וויל נאָר מיינע הענט נישט פאַטשקען, איך וואָלט זיך מאַמען דאָס פנים אויס־פראַסקען, וואָס זי נעמט צו גנבות ביי איר קינד! דאָס איז דאָך איר גאַנצע כוונה געווען, וואָס זי האָט אים צו אייך אין חדר געשיקט! תורה דאַרף ער לערנען... אויך מיר א מענטש אויף דער וועלט! גנבענען דאַרף ער, און זי האָט קיין בעסערן אָרט נישט געפונען ווי דאָ ביי אייך! קום, לייבעלע, א היים, היינט וועסטו נישט לערנען, איך וועל דיר קויפן א שענער מעסערל, און דאָס מעסערל זאָלן זיי האָבן צו שטעכן זיך, רבונו של עולם, פאַר מיין קינדס צער און טרערן, נעבעך.

* * *

יאָסעלע איז אהיימגעקומען א צעבלוטיקטער, א צעביילטער, די מוטער האָט אים קוים דערקענט.

— ווידער דער רבי? — האָט זי א דערשראָקענע געפרעגט — ווער האָט דיך אזוי צעשלאָגן? איינגעשלאָגן זאָל יענער ווערן פון גאָט!

— נישט דער רבי, מאַמע! — האָט דאָס קינד געענטפערט, — לייבעלעס מאַמע האָט מיך געשלאָגן, געהרגעט, איך זאָל דאָס מעסערל אָפּ־געבן, דאָס מעסערל, וואָס איך האָב נישט געזען אפילו.

— און דער גוטער רבי דיינער האָט געלאָזן שלאָגן דיך ביי אים אין חדר?

ער האָט נישט געוואָלט לאָזן, נאָר זי האָט מיך געשלאָגן און פון הדר אַרויסגעטריבן! — האָט דאָס קינד מיט נאָך מער געוויין דערציילט — אוי, מאַמע, פאַר וואָס לאָזט גאָט מיך אַזוי אומזיסט שלאָגן? ער ווייסט דאָך, אַז איך בין נישט קיין גנב, אַז איך האָב דאָס מעסערל נישט געזען אַפילו!

כיענע האָט געציטערט פון כעס, דאָס געזיכט איז איר בלאַס געוואָרן, זי האָט די ליפּן מיט די ציין פאַרביסן און נישט ענטפערנדיק איר צע־בלוטיקט קינד אויף זיין פראַגע, האָט זי עס אַ כאַפּ געטאָן פאַרן הענטל און געזאָגט:

—קום, מיין אָרעם קינד! קום אַט אַזוי צעשלאָגן און צעבלוטיקט צו שיינדעלען, זאָל די גאַנצע וועלט זען ווי מען שלאָגט. אַן אָרעם, פרעמד קינד אומזיסט און אומנישט! קום, וואָס איך האָב אויף מיין פאַרקלעמט ביטער האַרץ, וועל איך אויסלאָזן צו איר קאָפּ! זאָל זי וויסן, אַז אַן אָרעם קינד האָט אויך אַ מאַמען און איז נישט הפקר, יעדער זאָל עס מעגן שלאָגן און בלוטיקן ווי אים זיין ווילד, שלעכט האַרץ גלוסט. זי וועט מיין קינד אַרויסטרייבן פון הדר? אַרויסטרייבן זאָל גאָט די נשמה אירע פון איר גראָבן גוף!

— און איך זאָג דיר, גיי נישט, כיענע — האָט זיך ברוך אַריינגע־מישט! גיי נישט, טשעפּע זיך נישט מיט די גבירים! זיי האָבן נשט קיין גאָט אין האַרצן... און וואָס קאָן אַ קבצן קעגן אַ גביר אויספירן?

— איך האָב נישט וואָס אָנצוווערן — האָט כיענע געענטפערט, וואָס איך האָב פון שיינדעלען, זאָל זי עס האָבן פון גאָט! איך מוז איר וויזן, אַז מיין קינד איז קיין ממזר נישט, כאָטש אויסקילן מיין האַרץ אויף איר, אַז איך האָב קיין אַנדערן קלאָגער און ריכטער נישט.

און כיענע איז אוועק צו שיינדעלען מיטן צעבלוטיקטן קינד.

שיינדעלע און איר מאַן זיינען ביים טיש געזעסן און געגעסן פרי־שטיק, ווען כיענע איז אין שטוב אַריין. שיינדעלע האָט גאָר אַנדערש נישט געמיינט, ווען זי האָט כיענען דערזען, אַז דאָס האָט זי אָפּגעבריינגט דאָס מעסערל, און האָט מיט שמחה אַ געשריי געטאָן:

— ווער איז גערעכט? איך האָב געזאָגט, מען וועט דאָס מעסערל אין שטוב אַריינטראָגן. איך האָב אַלע מאָל געזאָגט: כיענע איז אַן ערלעכע און וועט נישט ווילן, איר קינד זאָל זיין אַ גנב!

— מיין קינד איז קיין גנב נישט, שיינדעלע, קיין ממזר אַוודאי נישט! — האָט כיענע זיך אָפּגערופן, און דאָס האַרץ איז איר אַזוי פאַרקלעמט

געוואָרן, אַז זי האָט כמעט נישט געקאָנט ווײַטער אַ וואָרט אַרויסרײדן, כאָטש וואָס צו רײדן האָט זי גענוג געהאַט.

— וואָס זאָגט, חלילה, אַ ממזר? — האָט שײנדעלע געפרעגט.

— איר שײנדעלע! איר האָט מײַן אָרעם קינד ערגער ווי אַ ממזר גע־שלאָגן! זאָלן ייִדן זען, ווי אַ ייִדענע האָט אַ האַרץ אַ פרעמד, אָרעם קינד צו שלאָגן און צעבלוטיקן... פאַר וואָס? פאַר וועמען? וואָס האָט ער אײַך גע־טאָן? וואָס האָט ער אײַער קינד געטאָן? ווי האָט מען עס קײן גאָט אין האַרצן נישט, צו מײנען, אַז אַ מאַמע קאָן עס צוזען און זיך נישט מאַכן ווײסנדיק. ווײַל איר זײַט שײַנדעלע, אַ גבירה, און ווײסט נישט פון די פײַן און יסורים, וואָס אַן אָרעמע מאַמע טראָגט אין איר האַרצן!

— זאָל ער נישט זײַן קײן גנב! נאָך נישט אַזוי האָב איך אים באַדאַרפט שלאָגן, אַ לעבעדיקן האָב איך אים נישט באַדאַרפט אַרויסלאָזן פון מײַנע הענט, זאָל ער נאָר דאָס מעסערל אָפּגעבן, געגעבן זאָל אים ווערן קרענק און יסורים!

— קיינער איז פון יסורים נישט פאַרזיכערט, שײַנדעלע! מײנט נישט, אַז איר זײַט די גבירה און איך — די קבצנטע, האָב איך עפּעס מורא פאַר אײַך, איך האָב נישט אַזאַ גזלניש האַרץ אין מיר, איך זאָל אײַער קינד שלאָגן אָדער שעלטן אַפילו, ווי איר האָט מײַן קינד געשלאָגן און געשאָלטן, נאָר ביי גאָט בעט איך! ער זאָל אײַך באַצאָלן, אײַך, נישט אײַער קינד, זאָלן די הענט אָפּדאָרן, איר זאָלט געשלאָגן ווערן פון גאָט, אַז קײן דאָקטער און קײן רופא זאָל אײַך נישט קאָנען העלפן, אײַער בלוט זאָל זיך אַזוי גיסן פון האַרצן און פון האַלדז, ווי מײַן אָרעם קינדס בלוט האָט זיך גע־גאָסן פון אײַערע הענט!

— שטיל הולטײַקע! — האָט ר' שלמה דער באַלטאַקסע אַ געשריי גע־טאָן — חאַצקל — האָט ער אַ רוף געטאָן דעם משרת — נעם זי אָן די חצופה פאַר די האָר און וואַרף זי אַרויס ווי אַ הונט הינטערן טיר!

— חאַצקל — האָט זיך אויך שײַנדעלע אַרײַנגעכאַפּט— אַט איבער דעם קלײנעם גנב האָסטו פון באַלעבאָס צוויי פּעטש געלײזט! ער, דער גנב האָט דערמיט דעם האַלבן רובל געגנבעט ביים רבין, און דיך האָט מען חושד געווען און געשלאָגן אומזיסט, גיי רעכן זיך כאָטש אָפּ פאַר דײַנע בזיונות! דאָס, וואָס זי שעלט מיך, זאָל עס מיך גאָר אַרן, זיך צוהערן, וואָס אַ וועראָמדיקע צײַג בילט? צו איר קאָפּ, צו איר לײַב און לעבן! אַ העזה אַביסל פון אַזאַ שפלה, זי איז נאָך געווען?...

— חאַצקל, אַ רובל אַ פּאַטש! — האָט ר' שלמה געבאָטן — צוויי רובל באַקומסטו מזומן פאַר די צוויי פּעטש, וואָס איך האָב דיר העמלט

איבער דעם ממזר געגעבן, נאָר לערן אָן די קבצנטע פאַר די העזה, ביי מיר אין שטוב מיין ווייב צו שעלטן, פאַר דעם, וואָס מען איז ייִדן און מען וויל זי מיט איר גנב אין גרישע הענט נישט אַרייַנגעבן.

— שקר, באַווייז זיך! — האָט חאַצקל אַ געשריי געטאָן, — זעט איר, באַלעבאָס, אַז סוף גנב לתליה? אָט וועל איך אים מכבד זיין פאַר מיינע בזיונות און אומזיסטע קלעפּ! מיט די רייד האָט ער זיך געוואָלט אַ וואָרף טאָן אויף יאָסעלען און אויף זיין מאַמען, נאָר כיענע האָט געכאַפּט אַ לייכטער, וואָס איז איר ביי דער האַנט געשטאַנען און אַ וואָרף געטאָן אים אַנטקעגן. חאַצקל האָט דעם קאָפּ איינגעבויגן, דער לייכטער איז געפלויגן אין שפּיגל, וועלכער איז אין שטיקלעך צעפאַלן, חאַצקל איז ווילד געוואָרן און איידער כיענע האָט צייט געהאַט נאָך עפּעס צו כאַפּן מיט וואָס זיך צעפּצעבאָרן פון אים, האָט ער זי שוין אין זיינע גוטע הענט געהאַלטן, געשלאָגן מיט די פויסטן אין רוקן, אין האַרצן און ווי ער האָט נאָר געטראָפן. כיענע האָט זיך מיט די ציינער איינגעשטשעמעט אין אים, און דאָס האָט האַצקלען נאָך ווילדער געמאַכט. ר' שלמה האָט אַ פענצטער געעפנט, דעם קאָפּ אַרויסגעשטעקט און געשריגן: גאַרדאָוואָי, ראַזבוי, שיינדעלע האָט אַ ספּאַזמע באַקומען און געשלוקעדזט. לייבעלע האָט געשריגן פון שרעק, ייִדן זיינען פון גאַס אַרייַנגעלאָפן, מען האָט חאַצקלען אָפּגעריסן פון כיענען, און זיין ערשטע זאַך איז געווען אַ פאַטש אַראָפּצילאָזן דעם פאַרצווייפלטן יאָסעלען.

— נאַ, ווייס איך, וואָס פאַר אַ טעם עס האָט דער כיבוד, וואָס איך האָב דיין מאַמען מכבד געווען! — האָט ער געזאָגט, עס איז אַרייַנגעקומען אַ גאָראָדאָוואָי, געפונען אַ פולע שטוב מיט ייִדן, מאַנסלטיי און ווייבער, קליין און גרויס, צעבלוטיקטע, צעשלאָגענע מענטשן, אַ צעבראָכענעם שפּיגל און איבערקערטע שטולן, אַלע ריידן, אַלע שרייען און עס איז שווער אַ וואָרט צו פאַרשטיין. באַלד איז אויך אַ קוואַרטאַלנע געקומען, ייִדן האָבן די היטלען אַראָפּגעכאַפּט, אויף אַ ווײַלע איז שטיל געוואָרן, און ר' שלמה האָט דערציילט די גאַנצע געשיכטע, דאָס הייסט: ווי דאָס קליינע ממזרל יאָסעלע איז אַ באַוווּסטער גנב פון אַלע מאָל, ער האָט איצט אויך געגנבעט אַ מעסערל; נו, אין זיין מאַמע, וואָס איז נישט בעסער פאַר אים און לערנט אים אָן גנבענען, געקומען צו מיר אין שטוב, געמאַכט אַזאַ סקאַנדאַל, צעבראָכן אַ טייערן שפּיגל, איבערגעשראָקן די גאַנצע פאַמיליע, צעביסן, צעבלוטיקט חאַצקלען, פאַר וואָס, ווייס איך אַליין נישט!

דער קוואַרטאַלנע האָט געבעטן טינט און פעדער, האָט אויפגעשריבן אַ פּראָטאָקאָל, געפרעגט כיענען ווער זי איז? ווי זי הייסט? וואָס איז איר

פרנסה? געפרעגט אויך יאָסעלען, ער זאָל אים זאָגן ווי לאַנג באַשעפטיקט ער זיך שוין מיט גנבות? כיינע האָט אויף אַלע זיינע שאלות נישט געענטפערט. יאָסעלע האָט גלאַט נישט פאַרשטאַנען, וואָס מען פרעגט אים. דער קוואַרטאַלנע האָט דעם פּראָטאָקאָל איבערגעלייענט, ר' שלמה האָט אונטערגעשריבן, און דער גאָראָדאָוואָי האָט די מאַמען מיט איר קינד אַוועקגעפירט אין צערקל. שיינדעלע האָט נאָך אַלץ ספּאַזמירט, ביז אַ דאָקטער איז געקומען, האָט באַלד אין אַפּטייק געשיקט, און שיינדעלע האָט זיך באַרויקט. אַוועקגעלייגט זיך קראַנק אין בעט מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ. דערנאָך האָט דער דאָקטער אויך תּאַצקל דעם משרת פאַרבונדן זיין צעביסענע האַנט, און אים אַ צייגעניש אַרויסגעגעבן, אַז ביז די וווּנד וועט אין גאַנצן זיך נישט פאַרהיילן, איז ער נישט פעיק צו קיין אַרבעט.

יידן זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, דערציילן די נישט געוויינלעכע נייעס, וואָס זיי האָבן מיט זייערע אויגן געזען און מיט זייערע אויערן געהערט, אין שטאָט האָט געקאָכט און געקלונגען.

אַז יאָסעלע כיינעס קאָן זיין אַ גנב, האָט מען נאָך געקאָנט גלייבן, נאָר, אַז כיינע זאָל האָבן אַזאַ העזה, שלמהן און זיין ווייב קומען שעלטן ביי אים אין שטוב, און נאָך מער — באַווייזן אַזאַ גבורה צו צעברעכן אַ טייערן שפּיגל פון הונדערט רובל און צעקאַליעטשען דעם משרת, וואָס האָט אַזאַ גבורה דעם געזונטסטן קצב פון שטוב אַרויסצוּוואַרפן — דאָס איז אַלעמען געווען אַ חידוש נפלא, און ווען מען דערציילט נישט, אַז מען האָט מיט די אייגענע אויגן געזען, וואָלט אפשר קיינער נישט געגלייבט. הא ראיה, אַז עס איז אמת, מען האָט כיינען אַריינגעזעצט און די זיצט.

עס האָבן זיך געפונען אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן כיינען רעכט געגעבן, נישט ווייל זיי האָבן געוווּסט פאַרוואָס, נאָר גלאַט אַזוי, ווייל זיי האָבן תכלית שנאה פיינט געהאַט ר' שלמהן און נאָך מער שיינדעלען, און זיי האָבן ביינאַכט, צו מעריב אין בית־המדרש, געמאַכט אַ גאַנץ געשפּרעך הערפון.

— הערט איר, יידן — האָט יונה וואַסערטרעגער געזאָגט — מילא כיינע מיט איר יינגל פאַרפאַלענע, זיי זיצן פעסט, אָבער אויף ר' ברוך שמש מיט זיין צווילינג איז אַן עלנט. איך האָב אים היינט אַן עמער וואַסער אַריינגעטראָגן און האָב געזען, ווי ער ביאַנטשעט זיך, נעבעך, מיט די קינדער, ער האָט מיר געשוואוירן, אַז ער האָט נאָך אין זיין מויל נישט געהאַט, נישט ער, נישט דאָס צווילינג. ער האָט אַפילו נישט געוווּסט,

אז זיין ווייב זיצט, איך האב עס אים דערציילט, און איך האב געמיינט, אז אט קאנטשעט ער זיך, אזוי האט ער זיך פארהוסט. אז ער איז צו זיך געקומען, האט ער נאר געשריגן: איך האב איר געזאגט, זי זאל נישט גיין קריגן זיך מיט א גביר! און ער איז אפילו מצדיק את הדין אויף איר, נאר א רחמנות איז א גרויסער.

— יידן, — האט זיך אפגערופן ר' שואל דער שוחט, זייער א חשובער ייד אין בית־המדרש — מען טאר איין צד נישט אויסהערן! אבער ברוך מיט זיין צווילינג, וואס זיינען, לכל הדעות, נישט שולדיק, גייען אויס פשוט פון הונגער, און אזוי ווי פדיון־שבוים איז גלאט א מצוה א גרויסע, בפרט, אז די שבויה איז א ווייב פון א קראנקן מאן, א מאמע פון קליינע עופהלעך, איז טאקע אן עון־פלילי מען זאל זיי, לאזן שטארבן פון הונגער. על כן איז א יושר גדול, אז יידן, וואס קאנען ריידן מיט א פריץ זאלן טאקע באלד גיין צום פריסטאוו, און טאמער דארף עס קאסטן א פאר קערבלעך, ער זאל כיענען באפרייען, איז א מצוה גדולה, אז יעדער זאל געבן כנדבת לבו. איך גיב א גילדן.

— אויף להכעיס שיינדעלען, א מפלה אויף איר, — האט זיך ארויסגעכאפט א קצב. — גיב איך צוויי גילדן, וועט זיך צוזאמענעמען עטלעכע רובל.

יידן האבן געגעבן וויפל איינער האט געקאנט, עס האבן זיך געפונען א פאר, וואס האבן זיך אנגענומען צו ריידן מיטן פריסטאוו און מען איז אוועק אין צירקל, דא האבן זיי זיך דערוווסט, אז נאך מיט א שעה פריער האט דער פריסטאוו ארויסגעלאזט כיענען מיט איר יינגל, פאר וואס, ווייסט מען אפילו נישט. נאר מען דערקלערט, אז דער פריסטאוו, כאטש זייער א שטרענגער פריץ, האט פונדעסטוועגן קיין הארץ נישט געהאט צו האלטן אין ארעסט יידענע, נעבעך, מיט איר צעשלאגן, צעבלוטיקט קינד, איינגעשפארט, בפרט, אז ער האט דערזען, אז זי שפייט מיט בלוט און איז טויט קראנק פון די קלעפ, וואס זי האט ביי שלמהן געכאפט.

די עטלעכע רובל, וואס מען האט אין יענעם צו־מעריב ביים עולם אין בית־המדרש צוזאמענגעקליבן, זיינען שטארק צונוץ געקומען, כיענע האט א גאנצע וואך נאך דעם צוגעקרענקט און האט נישט געקאנט אין גאס ארויסגיין, עפעס פארדינען; מיט די עטלעכע רובל האט איר עלטער מיידל, א קינד פון צוועלף יאר, וואס זי האט געהאט מיט א יאר פריער אוועקגעגעבן צו א דאמסקען שניידער, דאס גאנצע געזינדל ביים לעבן דערהאלטן.

שכנים פון ארום פלעגן אריינקומען זיך נאָכפרעגן אויף כיענעס געזונט, אמאָל עפּעס אריינברענגען פאַר די הונגעריקע קינדער, נאָר יענעם מאָל זאָגן זיי יאָסעלען מוסר, ווייזן אים ווי די מאַמע איז איבער אים קראַנק, ווי עס וואָלט צו קיין אומגליק נישט געקומען, ווען ער, יאָסעלע, וואָלט נישט קיין גנב געווען.

— מיין קינד איז נישט קיין גנב! — פלעגט כיענע יעדעס מאָל זאָגן, — איך בעט אייך מאַכט אים קיין שלעכטן נאָמען נישט. וואָלט ער באמת א גנב געווען, וואָלט איך, אדרבה, דערצו נישט געקומען! — ביי די ווערטער פלעגן שטענדיק אירע טרערן זיך ווי וואַסער גיסן.

עס האָבן זיך געפונען אזעלכע, וואָס האָבן כיענען געראַטן, זי זאָל זיך משפטן מיט שינדעלען, מיט ר׳ שלמהן, רופן א דאָקטער און ער זאָל אויספּורייזן, אז זי איז קראַנק און שפּייט מיט בלוט, ווייל מען האָט זי אין שטוב אזוי צעשלאָגן, און פאַר אזא זאַך קאָנען זיי גיין אין סיביר, נאָר כיענע האָט געענטפערט: זאָל זיי גאָט משפטן, ביי מענטשן וועל איך גאָר נישט געווינען!

אז כיענע איז פון בעט אראָפּ, צום ערשטן מאָל אויפן גאַס ארויס, איז איר ערשטע זאַך געווען, צו גיין זוכן א נייעם רבין פאַר יאָסעלען. אומזיסט האָט זי יעדן מלמד געהייסן פרעגן ר׳ בערלען: צי האָט זי אים נישט ביז א קאָפּיקע אָפּגעצאָלט? און זאָל ער זאָגן, צי איז ער טאַקע, יאָסעלע, אזא גנב ווי דער נאָמען זיינער, וואָס נאָר שינדעלע האָט אים אין שטאָט געמאַכט, עס האָט איר בעטן נישט געהאָלפן; וועגן שכר־לימוד, האָט בערל אָפן געזאָגט, אז כיענע האָט אים אפשר נאָך מיט מער כבוד ווי די רייכע באַצאָלט, נאָר וועגן דעם, צי איז יאָסעלע א גנב? האָט ער געענטפערט: גלייכער, אז מען שווייגט... א שאָד, עס האָט געקאָנט פון אזא קינד ארויס א כלי, א יונגל. כאָטש בערל האָט מיט זיך ווערטל: גלייכער, אז מען שווייגט, אפשר גאָר דעם היפּוך געמיינט, פונדעסטוועגן האָט קיין מלמד אפילו א ספק־גנב נישט געוואָלט אין חדר אריינגעמען, בפרט, אז אלע חדר־יינגלעך האָבן שוין יאָסעלען געקענט, און ווו זיי פלעגן אים נאָר באגעגענען, פלעגן זיי שרייען: „יאָסעלע גנב! אָט גייט דער מעסער־ל־גנב!".

ביי כיענען האָט דאָס צוגענומען דאָס לעצטע ביסל חיות.

לאָזן יאָסעלען אנקומען צוריק צום טאַטן, ער זאָל מיט אים לערנען ווי אמאָל, האָט זי נישט געקאָנט. ברוך, וואָס איז פריער צו יאָסעלען נישט מער געווען ווי א שטרענגער ביטער פאָטער, איז איצט אים טאַקע א שונא אין לעבן געוואָרן. איבער אים, איבער דעם פייער, איבער דעם

גנב, וועלן מיר אַלע אין דער ערד אַרײַן אָן אַ צייט! פלעגט ער וואָרטשען גאַנצע טעג, און ביילע פלעגט מוזן יאָסעלען מיטנעמען מיט זיך וווּהין זי גייט, אים נישט צו לאָזן אַליין מיטן טאַטן, וואָס האָט אַזאַ אומזיסטע שנאה אויף אים. קריגן זיך אָדער אויסטענהן זיך מיט איר מאַן ווי אַמאָל, האָט זי שוין קיין כּוח נישט געהאַט, דאָס ריידן איז איר שווער אָנגעקומען, און דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז יעדעס קריגן און אויפרעגן זיך איז איצט פאַר איר אַ גרויסע סכנה.

נאָר ווי אַזוי האָט זי געקאָנט נישט אויפגערעגט זיך? אויפן גאַס פלעגן איר, צוליב איר קינד אָפּט נאָכלויפן קליינע חדר־ייִנגלעך און שרייען: אָט גייט יאָסעלע גנב, יאָסעלע מעסערל־גנב! און אַמאָל נישט זשאַלעווען זי מיט איר קינד צו באַוואַרפן מיט בלאָטע, מיט שטיינער. און איינמאָל האָט איר אַ גאַנץ שיינע באַלעבאָסטע, ביי וועלכער ביילע פלעגט דווקא פאַרדינען עטלעכע גילדן, אָפּגעזאָגט, אַז זי האָט אויף איר שטאַרק פאַריבל, וואָס זי קומט צו איר מיט איר יאָסעלען.

— איר זייט מאַקע נישט שולדיק, ביילע קרוין — האָט יענע זי גע־טרייסט — נאָר וועלכע מאַמע קאָן ערב זיין פאַר איר קינד? קוים האָט עס שוין אַזאַ נאָמען, איז פאַרפאַלן. אַ גרויסער קאָן זיך אָפּהאַלטן אַמאָל, זאָגט מען, אַ קליין קינד קאָן עס נישט, און מאַכט זיך אים וואָס צו נעמען, וועט ער עס צונעמען, מעגן טויזנטער מאַמעס זיין דערביי.

ביילע איז אַזוי פאַרקלעמט געוואָרן פון די רייד, אַז זי האָט באמת נישט געקאָנט אַ וואָרט אַרויסריידן, זי האָט נאָר די אויגן פול מיט טרערן צום הימל אויפגעהויבן און דאָס האַרץ איריס האָט געשריגן: ענטפער גאָט, מײַן אָרעם עלנט קינד, דו ווייסט דאָך דעם אמת!

איינמאָל איבערפרי האָט דער העסיאַטניק ביילען אַרײַנגעטראָגן אַ פּאָוויעסטקע: מען רופט זי מיט איר יאָסעלען אין סוד — האָט דער גאָראָ־דאָוואָי געזאָגט — און האָט פאַרלאַנגט ביילע זאָל אונטערשרייבן די אַנדערע העלפט פון דער פּאָוויעסטקע.

ביילע האָט די פּאָוויעסטקע אַרײַנגעטראָגן צום שכן, וועלכער האָט זיך פאַר איר אונטערגעשריבן און איר דערקלערט, אַז מען באַשולדיקט זי, וואָס זי האָט אַ סקאַנדאַל געמאַכט ביי שלמה איזנהערץ אין שטוב, צעבראָכן אַ שפּיגל און צעקאַליעטשעט דעם משרת. חוץ דעם באַשולדיקט מען זי מיט איר יאָסעלען פאַר פאַרשידענע גנבות.

ביילע איז אַפילו בלאַס און דערשראָקן געוואָרן, נאָר באַלד האָט זי זיך געפאַנגען און געזאָגט:

— זאָל זיין אַזוי, וואָס וועט מיר דער סודיא טאָן?! צוויי מאָל שטאַרבט מען נישט און איינמאָל קאָן מען נישט אויסמיידן!... מיין טויט, ווי איך זע, איז שוין נישט ווייט. איך האָב שוין קיין האַרץ נישט, קיין לונגען נישט, איך פֿיל יעדע מינוט ווי איך גיי אויס ווי א ליכט. און וואָס זאָל איך זיך קימערן וועגן זיך? מסתמא איז מיר דאָך אַזוי באַשערט!... זאָל מיין מלאך המוות שיינדעלע זיין... זאָל זי די מצווה האָבן אָפּצונעמען א ווייב פֿון א קראַנקן מאַן, א מאַמע פֿון קליינע עופֿהלעך, נעבעך, פֿאַר דער צייט! איך פֿאַרגין איר גערן די מצווה, און זאָל עס איר בייַשטיין צו דעם קומענדיקן יום־הדין, רבונו של עולם!

עס האָבן זיך געפֿונען מענטשן, וואָס האָבן כיענען שטאַרק צו־גערעדט, זי זאָל גיין צו ר׳ שלמהן, צו שיינדעלען, צופֿאַלן מיט טרערן און בעטן, זיי זאָלן רחמנות האָבן, איר מוחל זיין, עס זאָל צו א סוד נישט אָנקומען, נאָר כיענע האָט געענטפֿערט: פֿאַר גאָט דעם לעבעדיקן פֿאַל איך אַלע מינוט מיט א צעבראָכענעם האַרץ און אַנידערגעשלאָגן, ער זאָל מיר מוחל זיין מיינע זינד און דערלענגערן מיינע יאָרן, איך זאָל כאָטש קאָנען מיינע קינדער א מאַמע זיין, כאָטש ביז איך וועל זיי אויף די פֿיסלעך שטעלן. צו אים שרייט מיין האַרץ, ער זאָל מיין יאָסעלען באַשיצן פֿון אַלעם שלעכטס, און נאָך מער פֿון שלעכטע מענטשן, וואָס האָבן אים אַזאַ שלעכטן שם געמאַכט, און אַז ער ענטפֿערט מיר נישט, וואָס קאָן מיר די זינדיקע גראָבע שיינדעלע ענטפֿערן? ערגער ווי שלעכט קאָן מיר שוין נישט ווערן, זאָל איך כאָטש פֿאַר מיין טויט וויסן, אַז איך האָב מיך פֿאַר דער עבודה־זרה נישט געבוקט...

עס האָבן זיך אפֿילו געפֿונען אַזעלכע, וואָס האָבן אויף זיך די מצווה גענומען, ר׳ שלמהן אַליין צו בעטן פֿאַר דער קראַנקער אָרעמער כיענען, ער זאָל איר מוחל זיין, אָדער אַזוי בײַם רב איר א פּסק אַרויסגעבן און נישט צולאָזן, מען זאָל זי דורכן סוד באַשטראָפֿן, אים דערמאָנט, אַז זי איז פֿאַרט אַלעמאָל א פֿרומע, גוטע און ערלעכע אשה געווען. אים דער־ציילט, אַז פֿון יענעם טאָג אָן שפּייט זי מיט בלוט: חאַצקל האָט איר די לונגען אָפּגעשלאָגן, און זי האָט שוין פֿאַר איר העזה כפֿל כפֿלים געהאַט.
נאָר ר׳ שלמה האָט געענטפֿערט: יעדער איז א בעלן דעם אַנדערן צו הייסן זיין א גוטער, שטעלט איך אָבער פֿאַר: ווען כיענע וואָלט עס איך געטאָן און נישט מיר, וואָלט איר דען נישט נאָך טויזנט מאָל ערגער געוואָלט קענען איר ווי איך? א העזה אַביסל צו קומען צו מיר אין שטוב אַריין שעלטן מיין ווייב מיט טויטע קללות פֿאַר מיר אין די אויגן — פֿאַר וואָס? וואָס איר ייִנגל איז א גנב, א ממזר! און נאָך ווייניק אירע

קללות, כאַפּט זי אַ לייכטער און צעבראָכט מיר אַ טייערן שפּיגל, מאַכט מיר אָן אַ היזק איבער הונדערט רובל, און איך זאָל, ווילט איר, איר נאָך זאָגן: אַ דאַנק, כּלה׳טע, איר האָט שיין געדרשנט? ניין, אַנטלויפן מוז מען אַזעלכע קבצנים, זיי זאָלן וויסן, ווי דורך אָרץ צו האָבן פאַר אַ בעל־הבית; תרבות דאַרף מען זיי לערנען, די הינט: היינט שענקען כּלה׳נען, וועט מאָרגן קומען זעליקל שוסטער, פּיניע שניידער און איצקל שמיד און מיר אויפן קאָפּ אַרויפקריכן... זאָלן, אדרבה, די קבצנים, די הינט זען, אַז איך האָב קיין רחמנות נישט אפילו אויף אַן אשה, זאָלן זיי וויסן, אַז מען טאָר קיין שייגעץ נישט זיין קעגן אַ יידן, אַ נגיד!

כּלה׳טע האָט זיך צום סוד געטרייסט, נישט טענות האָט זי צוגערייט, נישט אַדוואָקאַטן האָט זי געדינגען, נאָר דאָס עלטערע מיידל אירס האָט זי פּונעם שניידער אָפּגענומען, זאָל זי כאַטש האָבן, ווער עס זאָל פאַר איר מאַן און די אָרעמע קינדער אַמאָל אָפּקאָכן אַ וואַרעמס אַז עס וועט זיין פון וואָס צו קאָכן. פאַר זיך האָט זי, אין סוד געקענדיק נישט מער מיט־געבן מיט־פּויף וי איר "קרבן מנחה", אַ סליחה און תחינות אַ גאַנצן פּאַק.

— זייט געזונט אַלע, — האָט זי ווייטענדיק זיך געזעגנט מיט איר פאַמיליע. — איך גיי אוודאי זיצן, אַ פּרייטע טיר אַריין, אַ שמאָלע אַרויס! גאָט ווייסט, צי וועל איך דערלעבן אַמאָל צו מיין היים צו קומען. איך זיסע הענט גיב איך אייך איבער, זאָל ער אייך אייער מוטער זיין ווי ער איז דער איינציקער פאָטער פון אַלע יתומים! איר זייט אַלע, אפילו דער קראַנקער טאַטע אייערער, לעבעדיקע יתומים... ער וועט אויף אייך זיך דערבאַרעמען; האָב איך קעגן אים געזינדיקט, זאָל ער מיך אליין שטראָפן, איך וועל נישט זאָגן, אַז זיין משפּט איז אומגערעכט, חלילה, נאָר אייך, עלנטע לעבעדיקע יתומים, זאָל ער נישט פאַרלאָזן, פון אייך זיין חסד און רחמים נישט אַראָפּנעמען... זייט איר אַלע געזונט! און נאָך דעם ווי זי האָט זיך איבער אירע קינדערס ווינקלען אויסגעוויינט, די קינדער גוט אָנגעקושט, דעם עלטערן מיידל גוט אָנגעזאָגט און זי אָנגעבעטן, זי זאָל אויפּפּאַסן דעם טאַטן, היטן די קינדער, האָט זי גענומען יאָסעלען פאַרן האַנט, אַ קוש געטאָן די מזוזה, און איז אַוועק אין סוד. גאַנצע דריי שעה איז כּלה׳נע געזעסן און געוואַרט ביז מען וועט זי אויסרופן. נישט שלמה, נישט זיין ווייב זיינען דאָ געווען, נאָר ר׳ בערל דער מלמד, זיין ווייב און נאָך אַנדערע יידן האָט דאָ כּלה׳נע באַמערקט, און זי האָט זיך גאָר געוווּנדערט, וואָס שיינדעלע איז נישטאָ — ענדלעך האָט דער סודיאַ אָנ־געהויבן לייענען דעם פּראָטאָקאָל פון קוואַרטאַלניע און שלמה דעם באַל־טאַקסעס זשאַלאָבע, כּלה׳נע האָט זיך גוט צוגעהערט.

— זייט איר זיך מודה אין דעם, וואָס מען באַשולדיקט אײַך? — האָט דער סודיאַ געפֿרעגט, און ער האָט געענדיקט דאָס לייענען.

— איך בין מודה, — האָט זי געענטפֿערט — אַז איך האָב שײַנדעלען געשאָלטן בײַ איר אין שטוב, פֿאַר וואָס זי האָט מײַן אָרעם קינד געשלאָגן און צעבלוטיקט. איך בין אַ מאַמע, פֿאָן סודיאַ, און זאָל מען מיר ווײַזן ערגעץ אַ מאַמען, וואָס וועט לאָזן איר קינד אַזוי שלאָגן און צעבלוטיקן און נישט טאָן דאָס אייגענע, וואָס איך האָב געטאָן, וועל איך איר אַ שפּײַ טאָן אין פּנים און זאָגן: דו ביסט קיין מאַמע נישט!

— און דעם שפּיגל האָט איר צעבראָכן? — האָט דער סודיאַ געפֿרעגט.

— נישט דעם שפּיגל האָב איך געוואָלט צעברעכן, עס טוט מיר טאַקע ווײ וואָס האָרץ אויף אַזאַ שאָדן! — האָט זי געענטפֿערט — צעברעכן האָב איך געוואָלט חאַצקעלן דעם משרת זײַן קאָפּ, וואָס ער האָט זיך ווי אַ בייזער הונט אויף מיר און מײַן קינד געוואָרפֿן, ווײַל זײַן שײנער באַלעבאָס האָט אים אַזוי געהייסן.

— ווייסט איר דען נישט, אַז מען טאָר נישט נעמען אַ קאָפּ צעשלאָגן? — האָט ווידער דער סודיאַ געפֿרעגט.

— פֿאַר וואָס זאָל איך עס נישט וויסן? איך ווייס גאַנץ גוט. — האָט זי מיט פֿײַער אָנגעהויבן רײדן, — איך ווייס, אַז מען טאָר אויף קיינעם קיין האַנט אַפֿילו נישט אויפֿהייבן, און זאָל די גאַנצע וועלט זאָגן, צי האָב איך, זינט איך לעב, אויף וועמען עס איז אַמאָל אַ האַנט אויפֿגעהויבן? זאָגט ייִדן, — האָט זי זיך צום פּובליקום געווענדעט — וואָס שווײַגט איר? איר האָט טאַקע אַלע מורא פֿאַר שײַנדעלען?

דער סודיאַ האָט איר אויפֿמערקזאַם געמאָסט, אַז די מוז נאָר מיט אים ריידן, און דאָס פּובליקום האָט קיין רעכט נישט צו ענטפֿערן, כל זמן ער פֿרעגט נישט.

— זאָל זײַן אַזוי — האָט זי צוגעגעבן, — אָבער זאָל מיר דער פֿאָן סודיאַ זאָגן; וואָס וואָלט דער פֿאָן סודיאַ געטאָן, אַז אויף אים וואָלט זיך גאָר נישט געווען אויפֿגעוואָרפֿן אַ בייזער הונט אַ טרויסער, וואָס קאָן אים אויף שטיקער צערײַסן?

— אָבער אויף אײַך איז נישט אַ הונט אָנגעפֿאַלן, נאָר אַ מענטש! — האָט דער סודיאַ געענטפֿערט.

— אַ מענטש... אמת אַ מענטש! — האָט כײַענע ביטער איבערגערעדט — מענטשן הײַנטן אָבער דאָ, זאָל מיך גאָט נישט שטראָפֿן פֿאַר מײַנע רייד, אַ סך בייזערע און ערגערע פֿאַר הינט!... און אַז איך בעט גאָט

אַלע טאָג איבערדעריבער: ער זאָל מיך אָפּהיטן פון א שלעכטן באַגעגעניש, בעט איך אים בישט, מיך מציל צו זיין פון א ביזן החוט, נאָר פון א שלעכטן שכן, פון א שלעכטן חבר און פון א שלעכטן מענטשן, פאַן סודיא! בעסער וואָלטן מיך באַגעגנט ביי שיינדעלעך אין שטוב צען ביזע הינט אידער איין חאצקל... און דער חאצקל איז אויך א מענטש? אים טאָר מען אויך בישט וואַרפן א לייכטער אין קאָפּ, ווען ער פאַלט אָן אויף אַן אומגליקלעכע, אָרעמע, שוואַכע אשה, וואָס האָט קיינמאָל א וואָרט מיט אים בישט אויסגערעדט?

דער סודיא האָט געשוויגן, נאָר געשריבן, עטלעכע מינוט כסדר גע־שריבן.

— חוץ דעם שפּיגל, וואָס איר האָט צעבראָכן און דעם סקאַנדאַל, וואָס איר האָט געמאַכט — האָט דער סודיא געזאָגט ווייטער — באַשולדיקט זיך אייער ייִנגל אין עטלעכע גנבות. איינמאָל האָט מען אים פאַרן האַנט געכאַפּט ביי זיין רבין בערל שאָן געלט גנבענען, נאָך עטלעכע מאָל ביי זיין ווייב פאַרשידענע שטובּיקע זאַכן, און דער נאָך ביי ר׳ שלמהן אייזנ־הערצס א קליין ייִנגל פון זיבן יאָר א מעסערל א טייערס און ביי נאָך אַנדערע — פאַרשידענע קעגנשטאַנדן. און איר באַשולדיקט זיך, וואָס איר האָט געוווּסט פון די אַלע גנבות און האָט זי ביי אייער ייִנגל צוגענ־ומען און די גנבות באַהאַלטן, זייט איר זיך אויף דעם אויך מודה?

— פאַן סודיא, — האָט כיענע מיט פייער געענטפערט — וואָס איך האָב געטאָן האָב איך בישט געלייקנט און איך געזאָגט פאַר וואָס איך האָב אזוי געטאָן, פון גנבה ווייס איך בישט און מיין קינד אויך בישט, דאָס איז א ליגן, א ראיה, אַז דאָס איז א ליגן, אַז די שונאים מיינע האָבן איך געשריבן, אַז מיין יאָסעלע איז שוין צוועלף יאָר, זאָל דער פאַן סודיא אַליין זען זייער אמת, אָט איז מיין קינד, צי איז אים מער ווי זיבן יאָר? — אמת איז, אַז בישט וויסנדיק, וואָס ער טוט, האָט ער זיין הונגעריקער אָרעמער מאַמען אַמאָל געבראַכט פון חדר פופציק קאָפּיקעס, און האָט געזאָגט, ער האָט דאָס געפונען, מיין מאַן האָט באַלד דערקענט, אַז דאָס איז בישט געפונענע, און ווען איך רייס אים בישט אַרויס פון טאַטנס הענט, וואָלט ער שוין פאַרשפּאַרט דאָ צו זיין!... איך אַליין האָב מיין ליב קינד אויך געשלאָגן, געביסן, געריסן — איך בין ווילד און משוגע געוואָרן אין יענער רגע פון דער מחשבה, אַז מיין קינד איז א גנב. איך האָב אים אין חדר אויסגעשלעפּט, דעם רבין זיין געלט אין האַנט אָפּגעגעבן און אַליין אים פאַר די פיסלעך געהאַלטן, בעת דער רבי האָט אים פאַר זיין נאַרישקייט געשמיסן ערגער ווי מען שמייסט

אַן אַרעסטאַנט, ביז איך בין אין חלשות געפאַלן, זאָל אַדרבה זײַן רבי זאָגן, צי זאָג איך אַפילו אײן װאָרט ליגן? װוּ איז ער? איך האָב אים דאָ ערשט געזען, ר׳ בערל. — האָט זי זיך װידער צום פּובליקום געקערט — פאַר װאָס זאָגט איר ניט דעם אמת?

— ער װעט באַלד זאָגן — האָט זי דער סודיא באַרויִקט, — איך װעל אים באַלד פרעגן. נו, און פון אַנדערע גנבות?

— פון קײן שום אַנדערע גנבה װײס איך ניט, פאַן סודיא. איך זאָל אַזױ פון מײַן אָרעמקײט און װײטיק אין האַרצן ניט װיסן!

דער סודיא האָט געהײסן אַרײַנרופן אײנעם פון די עדות, װאָס איז די קרעמערין געװען, צו װעלכער די רביצין פלעגט יאָסעלען שטענדיק שיקן קױפן, און זי האָט דערצײלט, אַז בײַ איר אין קרעמל פלעגט מען שטענדיק גנבענען: אַמאָל קאָנפעקטעלעך, אַמאָל טײַערע סחורהס, און אַפילו פון טישקעסטל פלעגט זײער אָפט געלט פעלן, נאָר זי האָט קײנמאָל ניט געקלערט, אַז דאָס קאָן יאָסעלע גנבענען, װײַל ער פלעגט זיך פאַרשטעלן װי אַ נעבעכל, װאָס קאָן קײן צװײ ניט צײלן; נאָר זינט זי האָט זיך דערװוּסט, אַז ער האָט בײַ זײַן רבין אַלײן געקאַנט געלט גנבענען איז איר רעכט געװאָרן און זי האָט אים געהיט װי מען היט זיך פאַר פײַער, קאָן מען זיך אָבער פון אַ גנב אײַנהיטן? — האָט די קרעמערין בתמימות געפרעגט, — מען גנבעט װײַטער, און עס פעלט מיר נאָך איצט מער און גרעסערע זאַכן, און דאָס איז אַלץ זײַן אַרבעט!

— געכאַפּט פאַרן האַנט מיט עפּעס אַ גנבה האָסטו אַמאָל? — האָט דער סודיא געפרעגט.

— אַז איך װאָלט אים פאַרן האַנט געכאַפּט, װאָלט ער שױן, דאַכט זיך, פאַרשפּאָרן נאָך אַמאָל צו גנבענען! — האָט די קרעמערין געענטפערט — דערפאַר טאַקע בין איך אין כעס אױף אים, װאָס איך קאָן אים ניט כאַפּן!

— איר מעגט זיך זעצן, — האָט דער סודיא צו דער קרעמערין געזאָגט און האָט די איבעריקע עדות געהײסן אַרײַנרופן.

די איבעריקע עדות האָבן געזאָגט, אַז די גאַנצע שטאָט װײסט שױן פון לאַנג, אַז יאָסעלע איז אַ גנב, רײַסט פון די הענט, און אַז ער גײט אין גאַס לױפן אים נאָך ייִנגלעך און שרײַען: „יאָסעלע גנב!" א פּאָר האָבן נאָך דערצײלט, אַז בײַ זײ אַלײן האָט מען אַ פּאָר מאָל קלײניקײטן געגנבעט, זײ האָבן דעם גנב געכאַפּט, און אָפּגעשלאָגן, און דאַכט זיך, אַז דאָס איז געװען יאָסעלע, אַקוראַט געדענקען זײ אָבער ניט. דער סודיא האָט געפרעגט: װען? װאָס? װי אַזױ? און פון זײער שטאַמלען, פאַראײקן

זיך אין די רייד, האָט מען אַרויסגעזען, אַז דאָס זיינען גלאַט אָנגעשטעלטע עדות דריי פאַר אַ רובל, און ער האָט זיי געהייסן זיך זעצן. ענדלעך האָט מען אַריינגערופן ר׳ בערלען. ביי כיצנעס האָבן זיך די אויגן אָנגעצונדן. ניכּר געווען, אַז אויף זיינע עדות האָט זי איר גאַנץ האָפענונג געהאַט. נאָר ר׳ בערל האָט זיך אָפּגעקוקט פון איר, זי זאָל אים אַזוי שאַרף אין די אויגן נישט אַריינקוקן, און האָט דערציילט, אַז כאָטש ער האָט יאָ־סעלען חוץ יענע 50 קאָפּיקעס קיינמאָל מיט אַ גנבה אין האַנט נישט געכאַפּט, קאָן מען פונדעסטוועגן נישט זאָגן, אַז ער איז נישט קיין גנב, וואָרים ער האָט זיך אַליין מודה געווען, אַז ער האָט גע־גנבעט דאָס מעסערל און ערגעץ באַהאַלטן, און נאָך דעם, אַז ער האָט אים פון חדר אַרויסגעטריבן, האָט זיך זיין ווייב ערשט אַרומגעקוקט, אַז איר פעלט אַ סך שטיבעריקע זאַכן, נאָר ער איז אויף אים מלמד זכות, ווייל ער ווייסט, אַז דאָס קינד איז כמעט אַלעמאָל אַ הונגעריקער גאַנצע טעג אין חדר געזעסן, און הונגער קאָן ברענגען צו אַלץ.

— ר׳ בערל — האָט כיצנע אַ געשריי געטאָן נישט מיט איר קול, און מען האָט געזען ווי אַלע אירע גלידער האָבן אַ ציטער געטאָן — איר האָט מורא פאַר שיינדעלען צו זאָגן דעם אמת, וואָס איר ווייסט, זי זאָל אייך נישט מאַכן אויס מלמד, פאַר וואָס האָט איר קיין מורא נישט פאַר גאָט אַזאַ ליגן צו זאָגן? פאַר גאָט, ר׳ בערל, וואָס ווייסט דעם אמת און וואָס קאָן אייך מאַכן פאַר אויס ר׳ בערל? דערמאָנט אייך נאָר, אַז איר באַ־גראָבט איצט אָן אָרעם אומשולדיק קינד! אַז עס גייט אַ יום־הדין, און אָט באַלד וועט איר שטיין פאַר דעם, וואָס זעט, וואָס טוט זיך איצט אין האַרצן אייערן... זאָגט דעם אמת!

ר׳ בערל האָט געשוויגן.

— איר שווייגט? גוט, איר האָט מיך און מיין קינד באַגראָבן — האָט כיצנע ווידער אָנגעהויבן — איר וועט אייך פון דאַנען אהיים אומקערן, צו אייער ווייב, צו אייערע קינדער און איך מיט מיין אומשולדיק קינד — ווי די גנבים גלייך אין אָסטראָג. נאָר עס הערט גאָט און זאָל דער גאַנצער עולם דאָס הערן, אַז מיט אַ סך אַ ריינערן האַרצן גייען מיר אין אָסטראָג אַריין, ווי איר אין אייער היים!...

נאָך ערגער פון בערלען האָט זיין ווייב געזאָגט, מיט ניין מאָס רייד וואָס פאַר אַ טייערע אשה שיינדעלע איז, אַז זי האָט אַ גוט האַרץ און קאָן אפילו נישט זען ווי אַ קינד מאַכט אַ קרומע מינע פאַר איר, און באמת האָט שיינדעלע יאָסעלען נישט מער ווי אַ גלעט געטאָן, אַז אים האָט אָנ־געהויבן גיין בלוט פונעם נעזל, ווייס זי אַליין נישט, וועמ עס איז שולדיק

אין דעם, מיר איז אדרבה א גרויסער חידוש געווען, האָט די רביצין ווייטער דערציילט, ווי איינגעהאַלטן שיינדעלע איז, אז כאָטש יאָסעלע האָט געגנבעט דאָס מעסערל, וואָס זי האָט אַליין געהערט, ווי ער האָט זיך מודה געווען, זי זאָל אַזוי הערן גוטע בשורות אויף איר און אויף כלל ישראל, און א גנב איז ער, וואָס רייסט פּשוט פון די הענט אַרויס, פונדעסטוועגן האָט איר שיינדעלע מער ווי א גלעט בײַשט געטאָן און נאָר געבעטן: מען זאָל אים מער אין חדר נישט האַלטן.

דער סודיא האָט זי א פּאָר מאָל דערמאָנט, אז זי זאָל ריידן צו דער זאַך און נישט דערציילן מעשׂות, וואָס געהערן נישט גלייך צום משפּט, נאָר די רביצין האָט אירס געטאָן און ווייטער דערציילט, ווי אַזוי זי ווייסט, אז יאָסעלע איז א גנב, א ווייסל פון אויג. כיענע האָט עס רויק געהערט, אָבער אפילו א וואָרט נישט געענטפערט.

— האָט איר נאָך אפשר וואָס צו באַמערקן? האָט דער סודיא כיענען געפרעגט.

— צו באַמערקן האָב איך, פאַן סודיא, אז ערשט דאָ איך סוד האָב איך איינגעזען ווי בידערעיק, ווי פאַלש מענטשן קאָנען זיין, ערשט דאָ האָב איך דערקענט, אז אַן אָרעמע פרוי איז נאָך שוואַכער ווי א פליג, מיט אַזא גבירה ווי שיינדעלע זיך צו משפּטן. מער צו ריידן האָב איך נישט.

— טאָמער ווילט איר זיך, ווי עס איז אויסגלייכן צווישן זיך און שלום מאַכן פאַר דעם סקאַנדאַל און צעבראָכענעם שפּיגל? — האָט דער סודיא געפרעגט.

— איך פאַרשטיי נישט ווי אַזוי? — האָט כיענע איבערגעפרעגט.

— מחילה בעטן, למשל, שלמהן מיט זיין ווייב, אָדער אַזוי ווי עס איז דורכקומען — האָט דער סודיא געדולדיק דערקלערט.

— איך זאָל נאָך שיינדעלען מחילה בעטן? מחילה בעטן, פאַר וואָס זי האָט מיין אָרעם קינד געשלאָגן, צעבלוטיקט, און איבערן גאַנצן שטאָט אים אַזא שלעכטן שם געמאַכט, אז קיין מלמד וויל אים אין חדר נישט אריינעמען? מחילה בעטן ר' שלמהן, וואָס ער האָט אָנגערייצט אויף מיר זיין ווילדן משרת און ער האָט מיך געבראַכט דעם שפּיגל צו צעברעכן, און האָט מיר דערנאָך די לונגען אָפּגעשלאָגן? ניין, פאַן סודיא, וואָס מיט מיר וועט געשען, אַרט מיך נישט אַזוי שטאַרק, אָבער דעם צער פון מיינע קליינע עלנטע קינדער, ווען איך וועל שטאַרבן צוליב דעם פאַר דער צייט, דאָס איז מיין גאַנצע דאגה, און די דאגה וויל יאָך פאַר גאָט דעם דין אמת ברענגען, ווען מיין שעה וועט קומען... ווי זאָל איך פאַר

אים, וואָס זעט מיין האַרץ, אַזוי פֿאַלש זיין און בעטן כּלומרשט מחילה ביי מיינע רוצחים און ביי די רוצחים פֿון מיין גאַנצער אומגליקלעכער פֿאַמיליע? איך בעט איך, פֿאָן סודיא, סודיעט מיך! באַשטראָפֿט מיך, ווען איר דערקענט, אַז איך בין שולדיק! — און ווייזנדיק מיט דער האַנט אויפֿן הימל, האָט זי ווייטער געזאָגט: — אָבער דאָרט אויבן, ביי גאָט דעם לעבעדיקן איז אויך דאָ אַ סוד!... און אויף זיין משפּט האָף איך איצט מער ווי אַלע מאָל!...

— און וואָס זאָגט איר? — האָט דער סודיא געפֿרעגט דעם אַדוואָקאַט שיינדיעלעס.

— איך בין באַפֿולמעכטיקט נאָר אַ משפּט צו בעטן. אַזעלכע בידעריקע פֿרויען, וואָס האָבן אַ העזה דעם געערטסטן מענטשן איין שטאָט אַזאַ סקאַנדאַל צו מאַכן, אַזאַ ערנווירדיקע פֿרוי ווי שיינדעלע אַזוי בידעריק צו זידלען און שעלטן ביי איר איין שטוב, אַזעלכע פֿאַרדינען איין קיין פֿאַל קיין רחמנות, און איך בעט וואָס שטרענגער זי צו באַשטראָפֿן.

כיענע, וואָס האָט די גאַנצע צייט אומרויק אַלץ געוואַרט, שיינדעלע זאָל נאָך קומען דאָ קעגן איר טענהן, האָט זיך גאָר נישט פֿאַרגעשטעלט, אַז דער, וואָס שטייט דאָ רעכטס נעבן שטענדער און מישט זיך אַריין, פֿרעגט איבער די עדות און פֿאַרריכט, וואָס זיי דערזאָגן נישט, איז אַן אַדוואָקאַט פֿון שיינדעלעס זייט, זי האָט געמיינט, אַז דאָס איז אויך אַזאַ מין סודיא, נאָר איצט, אַז זי האָט דערהערט ווי ער שטעלט זיך אַזוי איין פֿאַר שיינדעלעס כּבוד, האָט זי אַ געשריי געטאָן: פֿאָן סודיא, ווער איז דער? אים זע איך דאָס ערשטע מאָל איין מיין לעבן, וואָס וויל ער פֿון מיר?

דער סודיא האָט איר געדולדיק דערקלערט דעם אַדוואָקאַטס ראָלע דאָ.

— אַזוי? — האָט כיענע איבערגערעדט, — האָב איך ביז איצט גאָר איין טעות געלעבט, איך האָב געהערט רעדנדיק פֿון אַדוואָקאַטן, וועלכע טענהן פֿאַר דעם, וואָס מען בריכט פֿאַרמשפּטן, און זיינען פֿאַר אים אַ מליץ יושר איין סוד. ערשט איצט זע איך, אַז אַן אַדוואָקאַט קאָן אויך זיין אַהער און אַהין... באַצאָלט אים איינער פֿון טריפֿה כּשר מאַכן, מאַכט ער פֿון טריפֿה כּשר, באַצאָלט אים אַן אַנדערער פֿון כּשר טריפֿה מאַכן, איז אויך רעכט... אַזוי ווייזט דאָך דאָס אויס!...

דאָס פּובליקום האָט אָנגעהויבן צו לאַכן, דער סודיא האָט זיך אָנגעבייזערט.

— אודאי איז גרינגער מיט פרעמדע הענט יענעם צו באגראָבן, איזהער זיך אליין פאטשקען ביי די קבורה פון אן אָרעמער פרוי מיט איר געזינדל! — האָט כיענע מיט א ביטערן געלעכטערל ווידער אָנגעהויבן — דער נגיד קאָן זיך אלץ פארגינען: האָט ר׳ שלמה געוואָלט מיך גוט אנשלאָגן, האָט ער געהייסן זיין משרת חאצקל, ער זאָל מיך פון אלע טרעפּ אראָפּוואַרפן, ווי ער איצט מיך איינגאנצן קוילן, האָט ער זיין אדוואָ־קאט... צי וואָס ברויך ער זיינע כשרע הענט מיט מיין בלוט איינרעכטן, אז פאר געלט באקומט מען א שוחט אויף טריפה ווי אויף כשר? דאָס פארשטיי איך גאנץ גוט, פאן אדוואָקאט, נאָר דאָס פארשטיי איך נישט, ווי קאָנט איר, וואָס איר קענט מיך נישט און ווייסט מיך נישט, וואָס אין אייער לעבנס־טאָג האָט איר קיינמאָל אין מיין פינצטער שטיבעלע נישט אריינגעקוקט, נישט געזען אין וועלכער אָרעמקייט און דחקות איך לעב מיט מיין אָרעם געזינדל, ווי קאָנט איר, וואָס איר האָט נישט געזען און ווייסט נישט, ווי די קויל איז געפלויגן און נישט וועמען זי האָט גע־טראָפן און ווער עס טראָגט די וואונד פון איר, ווי גאָר א זייטיקער מענטש, וואָס איז אפילו דערביי נישט געוועזן, זיך אָננעמען א שטן מקטרג צו זיין אויף מיר, מיך באגראָבן און באשיטן, ווייל דער גביר שלמה מיט זיין ווייב הייסן איך? מען באצאָל׳ט אייך דערפאר? אָבער חאצקל דעם משרת האָט זיך באלעבאָס אויך צוגעזאָגט א רובל פאר יעדן פאטש, וואָס ער וועט מיר געבן, טאָ מיט וואָס זענט איר בעסער פאר דעם גראָבן יונג חאצקל, פאן אדוואָקאט.

דאָס פובליקום האָט געלאכט, דער סודיא אליין האָט אויך צוגע־שמייכלט.

— האָט איר נאָך וואָס צו זאָגן! — האָט דער סודיא כיענען גע־פרעגט, ווען דער אדוואָקאט האָט זיך לאנגע רעדע פארענדיקט.

— איך האָב נאָר דאָס צו זאָגן — האָט כיענע געענטפערט — אז נישט איך, נישט מיין קינד זיינען גנבים! אז פון אלץ, וואָס דער געדונגע־נער שטן מקטרג האָט דאָ אָנגערעדט ווייס איך נישט. וואָס איך האָב געטאָן, האָב איך נישט פארלייקנט. און געפינט דער פאן סודיא מיך פאר שולדיק, זאָל ער די גאנצע שטראָף אויף מיר אליין אויסגיסן, איך וועל אלץ פאר גוט אָננעמען, נאָר מיין אָרעם קינד נישט ווי א גנב פאר־משפטן! מיר, אן עלטערע, קאָן אייער שטראָף קיין גרויס שלעכטס נישט טאָן, מיין טרייסט איז, וואָס גאָט ווייסט דאָך מיין אמת! א קליין קינד אָבער, וואָס דארף ערשט צום לעבן אָנהויבן, וואָס וועט באלד אפשר קיין מאמען אויך נישט האָבן און וועט מוזן אָנקומען צו לייטישע חסדים, קאָן

אייער שטראָף זייער פיל שלעכטס טאָן... חסד פאַר מיין קינד, פאַן סודיא, גערעכטיקייט און רחמים פאַר אַן אומשולדיקן בעט די עלנטע מאַמע זיינע! מער האָב איך קיין כוח, קיין טענות און קיין ווערטער נישט!

דער סודיא האָט געשריבן און געשריבן, ענדלעך האָט זיך דאָס פּוב־ליקום אויפגעשטעלט און דער סודיא האָט דעם אורטייל געלייענט:

„פאַרן סקאַנדאַל און אונרוען אין שלמה שמערלאָוויץ, אייזנהערצס הויז, פאַראורטייל איך כיענען זיצן צען טעג. די באַשולדיקונג אויף איר יינגל, יאָסל באָרוכאָוויץ שמש אין פאַרשידענע קליינע און גרעסערע גנבות, אַזוי ווי די באַשולדיקונג קעגן דער מוטער זיינער כיענען אין באַהאַלטן און פאַרבאָרגן די גנבות, רעכנט דער סוד פאַר נישט דערוויזן און דער־קענט זיי פאַר אומשולדיק".

דער סודיא האָט געהייסן דעם גאָראָדאָוואָי כיענען אָפּפירן אין פּאָ־ליציי.

— גיי מיין קינד אהיים — האָט כיענע יאָסעלען אָנקווענדיק געזאָגט — זאָג דעם טאַטן; דער סוד אליין האָט געזאָגט, אַז דו ביסט נישט קיין גנב! זאָג אים, אַז איך בעט אים ער זאָל דיך אומזיסט נישט שלאָגן, וועט מיר מיין תפיסה גרינגער זיין. און איך בעט דיך, געוויין זיך, מיין קינה, אויסצוקומען אָן דער מאַמען, וועט דער ווייס, אפשר וועט דיר דאָס באַלד צו־נוץ קומען, זיי באַר עהרלעך, פרום און גוט צו אַלעמען, וועט גאָט ברוך הוא אויך דיין צער צוזען!

* * *

א פּאָר טעג פאַר ראש השנה איז כיענע באַפרייט געוואָרן. די, וואָס האָבן איר מיטער געקענט, האָבן געשוואוירן, אַז זיי האָבן געמיינט, אַז דאָס גייט רחלע די מגידיכע, אַן איינגעבויגענע קראַנקע יידענע, און נישט איר טאַכטער כיענע, וואָס איז אַלעמאָל אַזאַ לעבעדיקע, אַזאַ בריה געווען! בסך הכל צען טעג איז כיענע געזעסן, און מער ווי צען יאָר איז זי געעל־טערט געוואָרן, גייענדיק פון פּאָליציי אהיים, האָט זי זיך אוודאי צען מאָל אַנידערגעזעצט אָפּרוען, מיט קיינעם א וואָרט נישט גערעדט. זי איז נאָר א שאָטן פון דער אמאָליקער כיענען, — האָט מען גערעדט, — און עס זעט אויס, אַז זי קוקט שוין אין קבר אריין!

ראש השנה אין שול איז כיענע ווי א פאַרשטיינערטע געזעסן, נישט געזאָגט, נישט געלייענט, אפילו נישט געוויינט!... געזעסן איז זי אויך נישט אויף איר אָרט, נאָר ביים טיר עזרגעץ, נעענטער צו דער לופט.

דערפֿאַר יום־כּיפּור, — דערציילן וויבער, — האָט כיענע די וועלט איינגעליגט מיט איר וויינען און יאָמערן, און וועמען איז איין קאָפּ געלעגן זיך צוצוהערן צו דעם חזן מיט זיינע מיטהעלפֿער?

און נישט אומזיסט, האָט זי אַזוי די שול איינגעליגט, דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט אָפּנים — דערציילן וויבער — אַז דאָס איז איר לעצטער יום־כּיפּור... זי האָט זיך טאַקע מיט אַלע אָרעמע וויבער געזעגנט, זיי מחילה געבעטן, טאָמער האָט זי וועמען פֿון זיי נישט ווילנדיק אַמאָל פֿוגע בכבוד געווען, געבעטן נישט פֿאַרלאָזן איריע קליינע קינדער.

צו נעילה פּונקט איז זי פּלוצלונג שוואַרץ געוואָרן ווי די ערד, פֿון האַלדז האָט זיך איר אַ גאָס געטאָן אַ טייך בלוט. עס האָט קיין וואַסער, קיין געשריי און געוואַלט נישט געהאָלפֿן, מען האָט זי באַלד פֿאַר מעריב, האַלב געטראָגן האַלב געפֿירט, צו איר היים געבראַכט, און ביז טאָג איז זי שוין געלעגן אויף דער ערד, איבערגעדעקט מיט דעם שוואַרצן געוואַנט, וואָס אַ שמש האָט געבראַכט; צוויי ליכטלעך האָבן אין איריע בענטשליכטער געברענט איר צוקאָפּנס, און נעבן איריע פֿיס האָבן זיך אויף דער ערד געוואַלגערט, שרייען אָן כּוח פֿון וויינען און קלאָגן, איר קראַנקער מאַן, איר עלטער מיידל, דאָס אַנדערע מיידל האָט איינעם פֿונעם צווילינג אויף דער האַנט געהאַלטן און געוויינט, דאָס אַנדערע קינד האָט אַ שכנה אַריינגענומען צו זיך, נאָר פֿאַר אַלעמען האָט יאָסעלע געוויינט, זיך געריסן די האָר און געשלאָגן דאָס קעפּעלע אין וואַנט.

— אוי מאַמע, מאַמע! — האָט דאָס אָרעמע קינד געשריגן — שטאַרב נישט, טייערע מאַמע מיינע! שטיי אויף, שטיי אויף, בעסער וועל איך שטאַרבן, אוי מאַמע, מאַמע מיינע!

די, וואָס זיינען אַריינגעקומען, האָבן געוויינט, הערנדיק ווי דאָס פֿאַרצווייפֿלטער ייִנגל האָט זיין גוטער מאַמען באַקלאָגט.

מאַנסלייט האָבן געשמועסט: וואָס טוט מען איצט מיט ברוך דעם שמש, מיט זיינע צוויי פּיצלעך קינדער? ערשט אפֿשר אַ האַלב יאָר, אַז די ערשט־געשטאָרבענע מאַמע זייערע האָט זיי אַנטוריִנט. וואָלט זיך געפֿונען עפּעס אַ רייכער חשוך־בנים, וואָס זאָל די קינדער צונעמען, זיי אויסהאָדעווען פֿאַר אייגענע, וואָלט געווען אַן אמתע ישועה, צום אומגליק איז אונדזער שטעטל געבענטשט פֿון גאָט און קיין בעזדיעטניקעס זיינען גאָר נישטאָ.

די פֿאַר טעג שבעה, וואָס ר׳ ברוך איז געזעסן, האָט אים און זיינע קינדער קיין ברויט נישט געפֿעלט, יידן זיינען נישט קאַרג אַ וואָלוועלע מצווה צו קויפֿן, און אָרעמע שכנים האָבן צו דער סעודת־הבראה אַריינ־

געטראָגן בייגל מיט אייער, וואָס איז גענוג געווען פאַר אים און זיין געזינדל אויף הײַנט און אויף מאָרגן. לויט האָבן נאָך מקנא געווען ברוכס גליק, וואָס ער דאַרף בסך הכל נישט מער ווי דריי טעג שבעה זיצן, ווייל „דער יום טוב נעמט אויף זיך!”.

אַלטע באַלעבאַטים, וואָס האָבן קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז ברוך איז זייער שמש געווען, האָבן דאָס מאָל דערמאָנט, פון דעם רגל־געלט דעם נייעם שמש — פאַר ברוכן פיל ווייניק אָראָפּצונעמען, אַנדערע האָבן אויך חלה, פלייש און קאַרטאָפל אַריינגעשיקט. ברוך מיט זיין געזינד זאָלן קיין פאַרשעמטן יום טוב נישט האָבן.

יאָסעלע איז יעדן טאָג, אין דער פרי און ביינאַכט, געגאַנגען אין בית המדרש קדיש זאָגן, און כל זמן ער איז נאָך ביים עמוד א נײַ יתומל געווען, די וואונד אין זיין הערצל איז נאָך פריש, און זיין קולכל ווי די אויגעלעך זיינע זיינען פול טרערן געווען, איז קיינעם אויפן זינען נישט אַרויפגעקומען, צו דערמאָנען אים, אַז ער איז א גנב. קוים אָבער איז דער יום טוב אַריבער, דער עולם איז צו זיך קדיש צוגעוווינט געוואָרן, און ווער עס זאָל זיך אָננעמען פאַר אים, האָט ער שוין נישט געהאַט, האָבן די עלטערע קדיש־זאָגער אים אָנגעהויבן פון עמוד אָוועקטרייבן און ער האָט אָפט ווידער אָנגעהויבן הערן די ווערטער: גנב יאָסעלע גנב, גיי אין סוד זאָגן קדיש!

איך דער היים האָט אויך אָנגעהויבן וואָס א טאָג ווערן ערגער. פון די פינף גילדן א וואָך, וואָס ברוך האָט נאָך פון די אַמאָליקע שכירות באַקומען האָט דאָס עלטערע מיידל נישט געקאָנט אַלעמען זאַט מאַכן. מען האָט שוין פאַרקריפּט א פאָר קישנס איבעריקע, דאָס אַלץ האָט דאָס געזינדל אויפגעגעסן; דער באַלעבאָס פונעם שטיבעלע, ווו ברוך האָט געוווינט, האָט די דירה אָפּגעזאָגט, און אַז ברוך האָט דערפילט דאָס גאַנצע פעקל צרות, וואָס זיין ווייב האָט אים געלאָזן, האָט ער זיך כעס אויסגעלאָזן צו יאָסעלען, וועלכן ער האָט שולדיק געמאַכט אין אַלע אומגליקן וואָס איז אויף אים געקומען, און דעם אָרעמען קינד האָט חוץ הונגער, אויך קללות און קלעפּ נישט געפעלט.

איך יונה וואַסער־טרעגער האָט זיך חסד נישט אַראָפּגענומען פון ברוך מיט זיין געזינד און חוץ די עמער וואַסער, וואָס ער האָט אים פון בינעס טויט אָן, אָנגעהויבן אַריינטראָגן כסדר יעדן טאָג אומזיסט, האָט ער כוחות אַוועקגעלייגט צו מאַכן א טאָלק מיט דער אָרעמער פאַמיליע, מען זאָל זיי, חלילה, אין איין טאָג טויטע נישט געפינען, אויסגעגאַנגענע פון הונגער, נעבעך. און איינמאָל, שוין שפּעט אין אָוונט איז יונה אַרײַנ־

געקומען צו ברוכן זיער מיד, און נאָך דעם, ווי ער האָט מיט א ברוגז פּאַלע דעם שווייס אָפּגעווישט, האָט ער געזאָגט:

איך האָב שוין א צעטל, מען זאָל איך צונעמען אין הקדש אריין. איך האָב שוין אפילו אייער בעטל געזען, הלוואי האָב איך אין דער היים געהאַט אזא בעטל! קיין ערגערס נישט! עסן גיט מען, א דאָקטאָר מיט רפואות, זיינען אויך דאָ, און אז גאָט ברוך הוא וועט וועלן, וועט איר נאָך דאָרט געניסן פון אייער החסד, מיט אייערע בנות האָב איך גאָר קיין דאגה נישט; געצל שניידער וויל איינער שדכנען צונעמען און נאָך צאָלן איר אויף א שיך, א קליידל אויך. פאַר אייער רחלען וועל איך שוין געפינען אַן אָרט; ביז וואָס וועט — מעג זי זיין ביי מיר. מיין ווייב האָט אָנגענומען א פּוד פעדערן צו פליקן פאַר א רייכער כלה, וועט זי איר צוהעלפן און איר ברויט כשר ביי מיר פאַרדינען. יאָסעלען גיב איך אוועק אין תלמוד תורה און איך וועל אים באַשטעלן טעג; וועט ער וועלן לערנען, וועט אים גוט זיין, אלא נישט, — קאָן איך אים מיין קאָפּ אויף זיינע פּליצעס נישט אַרויפזעצן! מיט א יינגל איז קיינמאָל קיין דאגה נישט: איז נישט דאָס, איז יענץ! אין ערגסטן אופן, וועל איך אים אוועק־געבן צו א באַלמעלאָכע, נישט אזוי, ר׳ ברוך? א באַלמעלאָכע, אבי אַן ערלעכער ייד! די גרעסטע דאגה מיינע איז געווען וועגן אייער צווילינג, די ביידע יינגעלעך זאָלן לעבן, פּאַלט מיר איין א פּלאַן, אז שמחה פלאַכטע דער חשוך־בנים, דאַרף די טעג האָבן יאָר־צייט, פאַר וואָס טאַקע זאָל אזא ייד, א נגיד, נישט צונעמען די אָרעמע יתומהלעך און זיי אויס־האָדעווען קדישים פאַר זיך? געזאָגט און געטאָן! שמחה איז טאַקע געקומען געדאַוונט, געזאָגט קדיש, יידן א שיינע נדבה געגעבן, טאַקע גאַנץ שיין, אז גאָט העלפט פאַר וואָס נישט? ר׳ שמחה, — מאַך איך צו אים פאַרן גאַנצן עולם, — איר זייט מקיים כבוד־אב על צד היותר טוב! גאָט זאָל איך טאַקע דערפאַר מאריך ימים זיין, אָבער א לעבעדיקער מענטש, זאָג איך דאַרף א טראַכט צו טאָן: וואָס וועט זיין נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר מיט מיר? ווער וועט נאָך מיר קדיש זאָגן? א יאָ, רבותי, — זאָג איך, — מיין שאלה איז א שאלה? שמחה האָט טאַקע א ביטערן זיפץ געטאָן, ווי איינער זאָגט: וואָס בין איך שולדיק, אז גאָט האָט מיך געשטראָפט?

זיפצט נישט ר׳ שמחה! — האָב איך אים געטרייסט, — איר זייט טאַקע נישט שולדיק, נאָר גאָט ברוך הוא האָט אייך געהאָלפן איר קאָנט קינדער האָדעווען, אין הדר געבן, זיי פאַר יידן מאַכן, זיי זאָלן גאָטס תורה לערנען, נאָר ער האָט אייך קיין אייגענע קינדער נישט געגעבן;

כנגד זה זאָג איך, האָט גאָט אײנעם געשטראָפט, ער האָט אים דווקא קינדער געגעבן, שײנע קינדער, ברילױאַנטענע קינדער, נאָר ער האָט די מאַמע זײערע, זאָג איך, צוגענומען אײדער זי האָט נאָך צײט געהאַט זײ אױף זײערע פיסלעך צו שטעלן, און דער טאַטע זײערער איז קראַנק, לא עליכם זאָג איך, קאָן זײן אײגענע נשמה און גוף קױם דערהאַלטן און דאַנקט גאָט פאַרן חסד, װאָס מען נעמט אים צו אין הקדש אַרײן... נו, זאָג איך, פרעג איך אײך רבותי, און טאַקע אײך ר׳ שמחה, דאַרפט איר זיפצן איבער דעם, װאָס איר האָט נישט קײן קינדער קײן אײגענע, בעת דאָ װאַלגערן זיך אַזעלכע צװײ טײַערע יונגעלעך און קאָנען חלילה איטלעכע מינוט פאַר הונגער אױסגײן? איז נישט גלײַכער פרעג איך, אַז איר זאָלט זײ צונעמען, אָט די דאָזיקע קינדער, אױסהאָדעװען פאַר אײגענע, זײ אין חדר געבן, און זײ זאָלן נאָך הונדערט און צװאַנציק יאָר, נאָך אײך קדיש זאָגן?

אַלע האָבן געשװיגן, װאָס שװײגט איר ײדן? — האָב איך אַ געשרײ געטאָן, — איך האָב מײנס אָפּגערעדט, איצט רעדט איר! רעדן קאָסט דאָך קײן געלט נישט, זאָג איך, װאָס שװײגט איר?

אװדאי האָבן ײדן גערעדט און גערעדט, און שמחה איז מרוצה געװאָרן צונעמען אײן קינד. דאָס גראָד נישט! — האָב איך זיך אָפּגערופן — דער גאָט, װאָס העלפט אױף זאַלץ, װעט העלפן אױף פעפער אױך! דער גאָט, װאָס האָט אײך געהאָלפן אױף אײן יתום צוצונעמען, װעט אײך העלפן דעם אַנדערן אױך מגדל זײן לתורה ולחופה ולמעשים טובים! װילט איר בײדע צונעמען איז רעכט, אַז נישט איז גלײכער גאָר נישט. בקיצור איך האָב געפּועלט. מאָרגן קומט שמחה מיט זײן װײב, און אַז דער רבונו של עולם װעט נאָר װעלן, װעלן אײערע קינדער בײ אים אױסװאַקסן אין כל טוב!

די צװײ עלטערע מײדלעך האָבן שטילערהײט זיך אױסגעװײנט אױף דעם תכלית, װאָס ברוך האָט פון דער מאַמעס געזינדל געמאַכט, נאָר װאָס האָבן זײ פון בעסערס געװוּסט?

אױף מאָרגן איז טאַקע געקומען שמחה מיט פערעלע זײן װײב, אַ דיקע ײדינע אין יום־טובדיקע קלײדער, יונה האָט זײ אַרײנגעפירט צו ברוכן, װי האָבן די קינדער באַטראַכט, כאָטש אױסגעדאַרטע, מאָגערע, אָבער פאָרט שײנע, ליכטיקע קינדער. פערעלע האָט געװײנט קוקנדיק אױף זײ, אױף זײער אָרעם װיגעלע און נאָך אָרעמערע בעט־געװאַנט. די האָט זײ אָנגעקװעטשט און מיט טרערן אין די אױגן האָט זי אײנעם דעם מאַן דערלאַנגט און אײנעם האָט זי אַלײן אױפן האַנט גענומען און גע־

זאָגט: אײַער פֿרומע מאַמע, וואָס איז נישט זוכה געווען פֿון אײַך נחת צו דערלעבן, זאָל אין איר הײליקער רו זײַן אַ גוטע בעטערין פֿאַר מיר און פֿאַר מײַן מאַן, מיר זאָלן אײַך קאָנען אויסהאָדעווען צו תּורה און חופּה און מעשׂים טובֿים! זאָל זי דאָרט אויסבעטן, אַז אײַער אַמתער טאַטע, שוועסטער און ברודער זאָלן מיט מיר און מיט מײַן מאַן צוגלײַך פֿיל נחת און גדולה פֿון אײַך דערלעבן!

שכנים, מאַנסלײַט און װײַבער, האָבן שמחהן מיט זײַן װײַב, מזל טובֿ געזאָגט, אָנגעװוּנטשן אַלדאָס גוטס, שׂמחה האָט דאָ אַ לעקעך און בראָנפֿן געמאַכט, פֿעריעלע האָט יאַסעלען און זײַנע שוועסטער קוש און פֿוטער געגעבן, און ברוכן אַ פּאָר רובל געלאָזן און דײַטען מיטן צווײ־ליניג אויסגעפּאָרן. יונה האָט פֿון שׂמחה אַ כּוסה געמאַכט און, טראָגנ־דיק זיך קאָראַמײַשל מיט די צווײ עמער וואַסער, האָט ער אַ גאַנצן טאָג געשריגן: ייִדן זײַטען טאַקע אַ פֿאָלק, און גאָט מעג טאַקע ייִדן העלפֿן!

אין אַ פּאָר טאָג אַרום איז שוין ברוך אין הקדש אויף זײַן בעטל געלעגן, ווי יונה זאָגט, ווי אַ מאָנאַרך! שרהלע איז צוריק צו געצל חעם דאַמסקע שנײַדער צוגעקומען. רחלע איז דערווײַל בײַ יונהן געזעסן, גע־האָלפֿן זײַן ווײַב פֿעדערן פּליקן, און נאָר מיט אײן יאָסעלען איז נאָך קײן טאָלק נישט געוואָרן, אין תּלמוד תּורה וואָלט מען אים צוגענומען, נאָר וואָס טוט מען מיט עסן?

אומזיסט איז יונה וואַסער־טרעגער אַרומגעלאָפֿן בעטן זײַנע באַ־לעבאַטים, וועמען ער טראָגט וואַסער, זיי זאָלן יאָסעלען צו אײן טאָג אין וואָך געבן עסן, קײנער איז אָבער הערויף נישט מרוצה געוואָרן. כּיעזעס ייִנגל האָט אַזאַ שלעכטן שם, האָבן זיי געענטפֿערט: איבער אים איז די מאַמע זײַנע אין אָסטראָג געזעסן, איבער אים איז זי געשטאָרבן און עס איז געוואָרן אַ תּל פֿון איר געזינדל, און לױט מען דערציילט, איז ער טאַקע אַ גנבֿ, וואָס רײַסט פּשוט פֿון די הענט. ווי קאָן מען אַזאַ אין שטוב אַרײַנלאָזן, אָדער אין אַ קיך אַפֿילו, ווו עס איז נישט מעגלעך אים אײַנצוהיטן ער זאָל נישט גנבֿענען?

אומזיסט האָט יונה געשוווירן, אַז דאָס אַלץ איז אַ ליגן, אויסגע־פֿיקט איבערן שטאָט פֿון שײנדעלע די באַלטאַקסעטע ימח שמה! יאָ־סעלע איז אַן ערלעך קינד, קאָן לערנען און וויל לערנען, עולם הבא וועט מען זיך קויפֿן, אַז מען וועט אים געבן אַ טאָג אין וואָך צו עסן.

שוועט נישט יונה, — האָט מען אים געענטפֿערט — מען קאָן אין הײַנטיקע צײַטן פֿאַר אײגענע קינדער נישט שוערן, בפֿרט פֿאַר

א פרעמד קינד, וואָס איז שוין אין סוד געשטאַנען!... א כלל, אז מען קלינגט איז א חגא!...

יונה האָט געזען, ער האָט קיין ברירה נישט, איז ער אוועק צו הערשל שוסטער. כאָטש א שוסטער, נאָר א גאַנץ פרומער ייד און א גוטער בעל-מלאָכה, אָבער הערשל האָט פאַרלאַנגט א כתב מאכן, אז ביז פופצן יאָר זאָל יאָסעלע זיך ביי אים אויסלערנען, און דערנאָך זאָל ער ביי אים דינען דריי יאָר, פאַר פופציק רובל א יאָר געהאַלט. אזא כתב האָט ברוך בשום אופן נישט געוואָלט אונטערשרייבן.

איר ווייסט דאָך ר׳ יונה, אז דער גאַנצער רצון כיונעס עליה השלום, — האָט ברוך דערקלערט — איז געווען, יאָסעלע זאָל זיין א למדן, און וואָס זאָל איך אייך ליגן זאָגן? מיין רצון איז עס אויך געווען אלע מאָל, ווייל איך ווייס, אז יאָסלע האָט א פייערדיק קעפל צום לערנען, האָט אן אייזערנעם זכרון און א שאַרפע תפיסה, אָן עין הרע. אין גוטע הענט, קאָן ער ארויס א מופלג. על כן, זאָל שוין אייער מצווה אין גאַנצן זיין, גיט אים דערווייל אוועק צו אבי א בעל-מלאָכה, ער זאָל נאָר האָבן ווי איבער צו ווינטערן. פאַרשטייט איר, אויף זומער, אם ירצה השם קאָן גאָט העלפן, אים אוועקצושיקן אין ווילנע, ווו עס וווינט א פעטער זיינער, כיונעס א לייבלעכער ברודער, א מופלג גדול, זאָל ער מיט אים לערנען.

יונהן איז דער פלאַן געפעלן. ער האָט ווידער גערעדט מיט א בעל-מלאָכה צוגעמען יאָסעלען אזוי, אָן א כתב, נאָר א רעכטער האָט עס נישט געוואָלט און יונה האָט אים אוועקגעגעבן צו העליקל „פינגער-יונג", א שוסטער, א לופטיקע זאַך, וואָס האָט צייטנווייז ליב דעם טרונק. יונה האָט עס אפילו געוווסט, נאָר וואָס פאַר א שייכות האָט עס צו יאָסעלען? זאָל ער טרינקען וויפל זיין האַרץ גלוסט, האָט יונה געזאָגט, אבי יאָסעלע זאָל האָבן, ווו זיך צו צולעגן ביז זומער, און זאָל זיך נישט אהומטרייבן ליידיק אין די גאַסן.

נישט אזוי גרינג איז יונהן אָנגעקומען איינצורעדן יאָסעלען ער זאָל גיין צו העליקלען, „די מאַמע וועט מיך קומען וואַרגן" — האָט דאָס קינד געקלאָגט און געוויינט, — איך וויל בעסער לערנען, גיט מיך אין חדר, איך וועל נישט וויינען אפילו, אז דער רבי וועט מיך שלאָגן.

עס האָט אים אָבער זיין קלאָגן און וויינען נישט געהאָלפן, יונה איז אליין געווען א מטופל מיט קליינע קינדער און א גרויסער אביון דערצו, און יאָסעלע האָט קיין ברירה נישט געהאַט, און איז אָנגעקומען צו העליקלען.

צווי וואָכן האָט דאָס אָרעמע קינד זיך געוואַלגערט, ווי א הונט, ביי זיין מייסטער דעם פיינעם יונג. כל עבודת פרך ביי אים געטאָן. וואַסער און האָלץ געטראָגן, שטיוול געפוצט, שפּענער געקליבן פאַרן באַלעבאָס איין פרעמדע הייפן, א נבנע געווען יעדן פּוסטל, און קיינמאָל זיך נאָמען יאָסעלע נישט געהערט.

גנב, גנביעץ, ממזר, א רוח אין דיין טאַטן אריין! קיין אַנדערן נאָמען האָט ער בכלל ביי זעליקלען נישט געהאַט.

גנביעץ, גיי נעם אריין פאַר א גילדן בראָנפן! — פלעגט אים דער באַלעבאָס אליין זאָגן — גנב, פאַר א זעקסער פעך! גנב, דערלאַנג די טשוועקלעך! גנביעץ די דראַטווע, א מכה דיר אין קאָפּ!...

איינמאָל האָט מען יאָסעלען געכאַפּט, ווי ער האָט א קיישל מיט שפּענער ארויסעטראָגן פון א פרעמדן הויף, וווּ זעליקל האָט אים געשיקט. מען האָט די שפּענער ביי אים צוגענומען און נאָך גוט אָנגעבראָכן די ביינער.

יאָסעלע איז געקומען א צעשלאָגענער מיט א ליידיקן קיישל צוריק, דערפאַר האָט אים זעליקל נאָך צוגעלייגט עטלעכע קלעפּ און געשריגן: גנב, וואָס האָט דיר געהייסן גנבענען? קלויבן האָב איך דיר אָנגעזאָגט!

איך האָב געקליבן! — האָט יאָסעלע געזאָגט — געקליבן ווי אַלע טאָג.

א ליגן, דו האָסט געגנבעט! — האָט זעליקל געשריגן — קלויבן איז גנבענען!

יאָסעלע האָט דעם אונטערשיד צווישן קלויבן און גנבענען נישט געוווּסט, און אַז אויף מאָרגן האָט אים דער מייסטער געשיקט נאָך אַמאָל מיטן קויש קלויבן, האָט ער געענטפערט: קלויבן איז אויך גנבענען... איך וויל קיין גנב נישט זיין! דערפאַר האָט אים דער מייסטער געשלאָגן, געהונגערט און א גאַנצן טאָג קיין עסן נישט געגעבן.

איינמאָל, ווען יאָסעלע איז פון מעריב געקומען, האָט אים דער מייסטער צוגערופן, עפּעס אַזוי גוט, אַזוי פריינדלעך, אַז דעם פאַרשטויסענעם קינד האָט זיך נישט געגלייבט, צי מען מיינט עס אים.

יאָסעלע מאַכט דער מייסטער — דו ווילסט א זויערע אוגערקע?

יאָסעלע האָט מורא געהאַט צו ענטפערן, א פּאָר מאָל האָט מען אים שוין אָפּגענאַרט מיט אַזא שאלה, און אַז ער האָט געענטפערט: יאָ, האָט מען אים געזאָגט א גראָב וואָרט, און דער מייסטער מיט די פּועלים האָבן געהאַט צו לאַכן.

אויף נאמנות, און אונטערקוש, א זויערע! — שווערט זיך דער מייסטער — איך מיין נישט אפצונארן היינטיקס מאל, נאר טאקע באמת און אונ־טערקוש זאג־זשוע, דו ווילסט?

איך וויל! — האט יאסעלע געענטפערט — צוליב טאן דעם מייסטער.

טא נעם דעם טעפל, קריך אריין דורכן פענצטערל אין קעלער, דארט אין ווינקל רעכטס שטייט א פאס מיט אונטערקעס... נעם אן א פול טעפל, איך וועל ביים פענצטער שטיין, וועסט מיר דערלאנגען! באוויז אדרבה דיין האנט־מלאכה און מאך עס אפ אגיל וואשמח, קיילעכיק און שפיציק, עפעס מערגסטו האך אויף פינגער־מלאכה!

— מען טאר נישט גנבענען! — האט יאסעלע געענטפערט.

גנביען, ווערמע זאגסטו דאס! — האט זעליקל א געשריי געטאן, — און געלט ביים רבין מעג מען גנבענען? א מעסערל אין חדר שטייט דיר אן? א לעפל ביי שיינדעלען אין קיך איז כשר — און איינבראך אויף דיר! מיינסטו, איך ווייס נישט ווער דו ביסט?

יאסעלע האט מורא צו ענטפערן און שוויגט.

דו גייסט צו נישט? פרעגט זעליקל — וואס שטייט דיר נישט אן?

איך וויל קיין אונטערקע נישט — פרוווט זיך יאסעלע אפזאגן. זע־ליקל האט אים א בריק געטאן מיטן פוס: און דאס ווילסטו? און מכות פון דער חאזיקער נאכט פון פסח ווילסטו? אזא גנביען, אסור, אויב מען טאר אים האלטן אין א יידישער שטוב! — ער האט ארויסגערופן אן אנדערער יינגל, און איך עטלעכע מינוט שפעטער האט דער מייסטער מיט אלע פועלים געגעסן הייערע אונטערקעס מיט ברויט. יאסעלען פאר זיינע עקשנות, האט מען אפילו קיין טרוקן ברויט נישט געגעבן.

פון יענעם טאג אן, פלעגט זיך די געשיכטע מיטן קעלער אלע נאכט איבערחזרן, אלע נאכט פלעגט מען קניפלעך ציען: ווער עס זאל אין קעלער אריינקריכן, און מען פלעגט עס אזוי מאכן, אז דאס קניפל האט אלע מאל יאסעלע געמוזט ארויסציען; יאסעלע האט אבער אלע טאג געשריגן, ער וויל קיין אונטערקעס נישט, און דער מייסטער האט גע־הייסן דעם אנדערן יינגל, וואס האט באדארפט גיין אנשטאט יאסעלען, אים אראפלאזן דריי פעטש, וואס יענץ יינגל פלעגט עס באלד מקיים זיין מיט אן הוספה פון איגענעם יושר. און נישט אונטערקעס אליין האט מען פון קעלער געשלעפט, אויך זויערע קוואס־עפל, ציבעלעס, קארטאפל און אלץ, וואס א גוטע באלעבאסטע גרייט אן אויף א גאנצן ווינטער. יא־סעלען האט מען קיינמאל אפילו צו פארזוכן נישט געגעבן, און איינמאל האט דער מייסטער גוזר געווען:

אויב דער גנב וועט מאָרגן נישט גיין אָננעמען אין קוילער א קוישל קאַרטאָפל מיט אַלע זיבן זאַכן, אַט הערט איר אַלע, ווי איך שווער ביי מײַן ייִדישקייט, אַז איך טרייב אים אַרויס ווי א הונט, נאָך מיט עטלעכע פּעטש צדקה לדרך: איך האָב פּינקט א בעל גאווה, אַז עס שטייט אַחוץ אַלעמען אָן, מוז אַזאַ גנביעץ אויך אָנשטיין! א מפּלה וואָלט איך אויף אים געקלערט... דאָס איז דאָך נאָר אַן עקשנות! זיי זשע וויסן, גנביעץ, אַז מען מעג גנבענען פאַר א מאַמען, מעג מען פאַר א מײַסטער אַוודאי...
א גנב ביזטו דאָך סײַ ווי, נאָר דו ווילסט מיך נישט פאָלגן וואָלט איך שיק דיך, טאַ וואָס־זשע טויגסטו מיר? געדענק גנביעץ, מאָרגן וועט דיך יום הדין זײַן! אַי אַרויסטרייבן וועל איך דיך, אַי א גנב וועסטו בלײַבן!

א גאַנצע נאַכט נאָך אַזאַ מוסר, האָט זיך יאָסעלען געחלומט: ער זעט די מאַמע זיצנע, זי איז אַזוי בלאַס, אַזוי אויסגעמאַטערט, און עס טוט אים ווי דאָס הערצל, קוקנדיק אויף איר. זע מײַן טײַער קינד, — בעט זי אים — זײַ נישט קיין גנב, גנבע נישט קיין אָנגעריקעס, קוק אויף מיר און זע, ווי איך בין געוואָרן איבער דיר, אין אָסטראָג געזעסן און אַזוי קראַנק בין איך!... ער וויל איר ענטפערן, ער וויל זיך אויסרעדן פאַר איר, אויפן האַרצן איז אים אַזוי שווער, אַזוי ביטער!... פּלוצלונג דערמאָנט ער זיך, זײַן מאַמע איז דאָך געשטאָרבן, און מיט אַן אַנגסט־געשריי, דאַכט זיך אים, בעט ער זיך, זײַ, מאַמע, וועריג מיך נישט, און אַט דערזעט ער אונטער איר רויטן טוך די ווײַסע תכריכים אירע, זי הייבט אויף אירע אויסגעטריקנטע טויטע הענט און זאָגט: האָב קיין מורא נישט, איך בין נישט געשטאָרבן, — דו ביסט יאָ געשטאָרבן, איך זאָג דאָך קדיש נאָך דיר! שרײַט ער מיט אַנגסט.

נעם, גיב מיר קינה, זאָג קדישים א סך, א סך, וועל איך גאָט בעטן פאַר דיר! טרייסט זי אים. און אַט זעט ער, ווי זי הייבט זיך אויף, זי גייט נישט, נאָר זי שוועבט און טראָגט זיך אין דער לופטן, אַט איז זי שוין אַריבער איבערן פּאַריקאַן און טראָגט זיך אַזוי הויך און אַלץ ווײַטער, ווײַטער ביזן בית־עולם. ער שרײַט מיט אַנגסט: מאַמע, מאַמע! נאָר ער איז עפּעס אַזוי הייזעריק, דאַכט אים, אַז כאָטש ער שרײַט מיט די לעצטע כוחות, הערט ער די אייגענע שטים נישט.

די ייִנגלעך, וואָס האָבן זיך מיט אים צוזאַמען אויף דער ערד געוואַלגערט, געשלאָפן הייסט עס, האָבן זיך פאַרשטיקט אַנגסט־געשריי דערהערט און האָבן אים אויפגעוועקט.

כאָטש עס איז נאָך א שטיק צום טאָג געווען און די אַנדערע זײַנען באַלד צוריק אַנטשלאָפן געוואָרן, איז שוין יאָסעלע מער נישט גע־

שלאָפֿן, ער האָט נאָר מיט שרעק געקלערט און געטראַכט וועגן דעם, וואָס היינט וועט זיין דער יום הדין זיינער, ווי דער מייסטער האָט אים געזאָגט. ער האָט אָבער נישט געקאָנט טראַכטן. אַז דער זייגער האָט שוין זעקס געשלאָגן, און דער מייסטער האָט מיט אַ בריק אין זייט אַלע זיינע פּועלים אויפֿגעוועקט, האָט זיך יאָסעלע אויך אויפֿגעהויבן און איז אַוועק אין בית המדרש דאַווענען און קדיש זאָגן, און קדישים האָט ער היינט געזאָגט אַ סך, אַ סך... עס האָט זיך אים עפּעס געדאַכט, אַז די מאַמע איז אין דער ווײַבערישער שול, זי הערט זיך קדיש, זי ענטפֿערט אָמן, יהא שמה רבא און זי ווינקט אים, ער זאָל נישט אַוועקגיין און וואַרטן. ער וואַרט אָפּ דעם צווייטן מנין, ער זאָגט ווײַטער קדיש, עס דאַוונט שוין דער דריטער מנין, ער בלייבט איין אָבער אין גאַנצן בית המדרש און זאָגט אַליין אַלע קדישים. ענדלעך איז דער עולם זיך צעגאַנגען, און ער איז אויך אַרויסגעגאַנגען, נאָר בײַם שוועל איז ער שטיין געבליבן, און עס פֿאַרדריסט אים: פֿאַרוואָס דאַוונט מען נישט אַ גאַנצן טאָג?... אַז מען וואָלט אַ גאַנצן טאָג דאַווענען, טראַכט ער, וואָלט איך אַוודאי הונדערט קדישים זאָגן! דעם גאַנצן טאָג דאָ זיין און נישט דאַרפֿן גיין צוריק צום מייסטער! — דערמאָנענדיק זיך אָן מייסטער, גיט עפּעס ווי אַ שטאָך אין הערצל, און ער הייבט זיך אָן דערמאָנען, אַז דער מייסטער וועט אים באַלד גוט הרגענען, וואָס ער האָט זיך אַזוי לאַנג אויפֿגעהאַלטן בײַם דאַווענען. אַלע פּועלים האָבן שוין דאָרט לאַנג אָפּגעגעסן, טראַכט ער, און וואָס פֿאַר אַ תּירוץ וועל איך אים ענטפֿערן, וואָס איך קום אַזוי שפּעט פֿון דאַווענען?

ניין, איך וועל מער נישט גיין צום מייסטער! רעדט ער צו זיך, און הייבט אָן גיך צו גיין, נישט וויסנדיק וווהין ער גייט. אַ פּאָר שעה איז ער אַזוי אַרומגעגאַנגען, ביז עס האָט אים אָנגעהויבן צו הונגערן, נאָר וואָס שטאַרקער עס הונגערט אים, גייט ער אַלץ גיכער, גיכער, ביז ער קוקט זיך אַרום, אַט איז ער בײַם טײַכל, ווו ער פֿלעגט אַמאָל אַזוי אָפֿט מיט דער רביצין גיין מיט דעם גרעט. ער איז צו צום וואַסער, זיך אויסגעצויגן ווי גרויס ער איז, און אָנגעהויבן טרינקען, כאָטש אים האָט זיך טרינקען גאָר נישט געוואָלט: ער האָט געמיינט, טאָמער וועט ער דערמיט יוצא זיין אָנשטאָט עסן. עפּעס האָט זיך אים געדאַכט, אַז עס ווילט זיך אים טאַקע נישט מער עסן; אונטערגעלעגט אַ ביסל דאָס האַרץ — טראַכט ער, און גייט צוריק אין שטאָט אַריין. אַט איז ער אויפֿן מאַרק, און אַט וואַלגערן זיך אַ פּאָר שטיקלעך אַרומגעביסענע עפּל, און דאָרט, וווּ די ווײַבער זיצן מיט אַלערליי קרייטעכצער, וואַלגערט זיך ווי הפקר

א צעוויאנעטע, קרעציקע אוגערקע, און נאך ווייטער — א האלב מיערל...
ער קלייבט עס אויף, ווישט אראפ די בלאטע און עסט עס אויף מיט אפעטיט. ער פילט זיך געשטארקט, און דערמאנט זיך, צייט גיין דאווע־נען מנחה. קדיש נישט פארשפעטיקן, אין בית המדרש פארגעסט ער אין אלץ, ער דאווענט מנחה אויסנווייניק, זאגט קדיש און בלייבט שוין דא ביז נאך מעריב. מיט קנאה און מיט א באטריבטן הערצל קוקט ער צו, ווי איטלעכער ישיבה בחור נעמט זיך א ליכט, שמועלצט צו צום טיש, עפנט א גמרא און לערנט. ווי האט זיך אים געוואלט אזוי גליקלעך זיין. ער איז צו צום ספרים אלמער זוכן א חומש.

— וואס זוכסטו יינגעלע? — האט אים א ייד געפרעגט.

— א חומש!

— וואס דארפסטו א חומש?

— איך וויל לערנען!

— האסט קיין חדר נישט?

— ניין!

— וועך ביסטו?

— יאסעלע!

— וואס רעדט איר מיט אים? — האט זיך א ישיבה־בחור, וואס איז צו דער אלמער צו, זיך אריינגעמישט. — דאס איז דאך דאס קליינע גנבל, ערשט נישט לאנג איך סוד געשטאנען, נאט אייך א האנט, ער וויל גנבענען א ספר!

— אמת יינגעלע? — האט דער ייד געפרעגט.

— איך וויל נישט גנבענען, איך וויל לערנען איך חומש! — האט יאָ־סעלע געענטפערט — גיט מיר א חומש, איך וויל לערנען.

— נא דיר א חומש, איך וויל זען צו קאנסטו לערנען, און צי ווילסטו טאקע; קום זעץ זיך נעבן מיר.

און יאסעלע האט מיט לוסט און פארגעניגן געלערנט חומש פארן יידן, דער ייד האט נישט געדארפט אים אונטער צו זאגן.

— ביסט א וואויל יינגל! — האט דער ייד געזאגט — נאר זאג מיר, אז דו קאנסט אזוי גוט לערנען, פאר וואס רופט מען דיך גנב?

יאסעלע האט נישט געענטפערט, נאר טרערן האבן זיך אים געוויזן אין די אויגעלעך.

האסט אמאל גע־גנבעט? — האט דער ייד געפרעגט.

איך וועל נישט מער, קיינמאל נישט! — האט דאס פארקלעמטע קינד געענטפערט.

— זע־זשע זאָלסט נישט גנבענען מער, גאָר לערנען זאָלסטו,
וועסטו נאָך זײַן אַ ליַיט! — האָט אים דער ייִד געטרייסט. פֿרעגן אים:
צי האָט ער היינט געגעסן? צי האָט ער וווּ צו שלאָפֿן? האָט דער ייִד
פֿאַרגעסן, אַחוץ עס איז אים אפֿשר גאָר אויפֿן זינען נישט אַרויף, אַז
עס קען זײַן, דאָס קינד האָט נישט צו עסן און האָט אַפֿילו קיין היים
נישט.

כּל זמן דער ייִד איז אין בית המדרש געווען, האָט יאָסעלען קיינער
נישט אָנגערירט, נאָר קוים איז זיך באַשיצער אַרויס, האָט דער שמש,
וואָס האָט אַלעמאָל אַ כּעס געהאַט אויף יאָסעלעס טאַטן, פֿאַר די פֿיגע
גילדן שכירות, וואָס מען האָט פֿון זײַנע אַראָפּגענומען צוליב אים, צו־
געכאַפּט ביי יאָסעלען דעם חומש, פֿאַרלאָשן די ליכט און אַרויסגעטריבן.

— אוהיים גיי, אַהיים דו שייגאָץ! האָט ער געשריגן.

ווּו איז זײַן היים? דאָס איז דעם שמש דאָגה נישט געווען.

מייד פֿון אַרומגייך אַ גאַנצן טאָג האָט זיך יאָסעלע פֿאַרקליבן אין אַ
ווינקל ערגעץ פֿון גרויסן בית המדרש־פֿאַרהויז, זיך אַוועקגעלייגט
שלאָפֿן, און דורכגעשלאָפֿן די גאַנצע נאַכט, ביז ייִדן זײַנען געקומען דאַ־
ווענען דעם ערשטן מנין.

און ווידער האָט ער אַזוי אַ טאָג צוגעבראַכט: אַ פֿאַרפֿוילטן, אָדער אָפּ־
געגריזשעט שטיקל עפּל, אַ צעוואָרפֿענעם מייערל, אָדער אַנדערע אַזעלכע
אַרויסגעוואָרפֿענע גוטס, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט און מויל אַרייננע־
מען, איז אים געבונג געווען, צו גאָט קיין טענות נישט געהאַט און ביי
קיינעם קיין ביסן נישט געבעטן, אין טייך האָט אים קיין וואַסער נישט
געפֿעלט, און היינט האָט אים נאָך אַ גליק געטראָפֿן: אַ ייִדענע, וואָס
האָט דאָ גרעט געוואַשן, האָט אים אַ מזומנענע קאָפּיקע געגעבן, פֿאַר צו־
העלפֿן אַוועקטראָגן דאָס נאַסע גרעט פֿון טייך אַהיים. ער האָט געקויפֿט
פֿאַר אַ קאָפּיקע ברויט, און איז היינט טאַקע אמת זאַט געווען.

צו מעריב איז אָבער דער נעכטיקער ייִד נישט געווען, און דאָס
חומש צו לערנען האָט ער נישט באַקומען. דער שמש האָט אים ווידער
אַרויסגעטריבן, נאָר היינט שוין מיט רחמנות, אים געהייסן גיין אין
חסידים שטיבל, דאָרט קען מען אים נישט, וועט מען אים לאָזן אַפֿילו
דעם קאָפּ זיך אַראָפּדרייען.

יאָסעלע איז אַוועק אין חסידים־שטיבל, קיין ישיבה בחורים זײַנען
דאָרט נישט געווען, דערפֿאַר קיין ספֿרים אויך נישט, פֿינצטער, נאָר
אייך ליכטל האָט אין עמוד געברענט. דער שמש, אַן אַלטער האַלב־בלינ־

דער ייִד, האָט אים גאָר ניט באַמערקט, אַז נאָך װער איז דאָ אַחוץ אים, און יאָסעלע איז פֿאַרקראָכן צװישן אױװן און געשלאָפֿן װי אַ גראַף.

אױפֿן דריטן טאָג האָט אים יונה דער װאַסער־טרעגער בײַם טײַך געכאַפּט, אים גאַנץ גוט פֿאַרן אױער אָנגעריסן און געשריגן

— שײגעץ, װאָס פֿיל מי האָב איך מיט דיר געהאַט, צום סוף קריכסטו אין אַ פֿרעמדן קעלער אַרײַן און גנבֿעט! ביסטו דאָך באמת אַ גנבֿ און אַ װעלט זאָגט: אַ גנבֿ זאָל מען גלײבן? װעליקל האָט דיך אַרױסגעטריבן, שױן האָב איך אױסגעפֿירט!

— ניט איך האָב די אוגערקעס פֿון קעלער געגנבֿעט, איך האָב ניט געװאָלט גײן, דערפֿאַר האָט מיך דער מײַסטער געשלאָגן, װי איך בין אַ ייִד, װי ניט איך! — האָט יאָסעלע געשװוירן.

— טאָ קום צום מײַסטער, זאָל איך אױספֿירן אַ ריג אױף אים. — האָט יונה געזאָגט.

— איך האָב מורא, ער װעט מיך הרגענען, איך װיל לערנען אין בית המדרש, װי אַלע לערנען.

— װו עסטו? װו שלאָפֿסטו?

יאָסעלע האָט ניט געהאַט װאָס צו ענטפֿערן.

— גײ צום מײַסטער שױן צוריק, בעט אים מחילה, װעט ער דיך נאָך צונעמען, אַז ניט װעט פֿון דיר װערן אַ בראָדיאַגע, װאָס שלעפּט זיך אַרום שלינג און שלאַנג, און אױב אַפֿילו דו ביסט ביז איצט ניט געװען קײן גנבֿ, װעסטו עס מוזן װערן, גײ־זשע איך הײס, האָט יונה געשריגן.

— איך װיל ניט גײן צו װעליקלען, כאָטש הרגעט מיך! האָט יאָסעלע אַנטשײדן געענטפֿערט.

— ביסטו דאָך טאַקע אַ שײגעץ, פֿאָלגסט מיך אױך ניט? טאָ גײ טאַקע אין דער ערד אַרײַן; װי דו װעסט ברײען, װאָרי װעסטו טרינקען! גאָט איז מײַן עדות, איך האָב געטאָן װאָס איך האָב געקאָנט... — יונה האָט גענומען זײַן קאָראָמיסל צו נעמען זײַנע עמער װאַסער, נאָר יאָסעלע האָט געמײנט: ער װיל אים שלאָגן, און איז אַנטלאָפֿן געװאָרן, יונה האָט אים נאָכגעשריגן:

— אַז אַ װעלט זאָגט: „אַ ניט רעכטער” זאָל מען גלײבן, אַװאַ שקאָץ!...

אַזױ האָט דאָס פֿאַרלאָזענע קינד יעטלעכע טאָג צוגעבראַכט, פֿון קײן זאַך קײן דאגה ניט געהאַט, מיטן הונגער איז ער, פֿון זינט ער געדענקט, אַן אַלטער באַקאַנטער געװען, און געשלאָפֿן האָט ער דאָ אין פֿאַרדרײַ,

אָדער צווישן אַריבער אין חסידים־שטיבל, ניט געוואָרן, ווי ביי זעליקל דעם מיסטער דיבעם אויף דער ערד; נאָר איך האָב אים זיין לעבן פאַרביטערט און פלעגט שטענדיק מיט טרערן אָנפילן זיינע אייגעלעך, און דאָס איז געווען, ווען ער פלעגט באַגעגענען יינגלעך, וואָס גייען אין חדר און פון חדר, אַלע יינגלעך גייען, — פלעגט זיך הערצל שרייען אין אים — ווייסן וווּהין זיי גייען, האָבן אַ חדר, אַ רביק, און האָבן אַהיים, איך האָב גאָר ניט... גיי אַרום אין די גאַסן, לערן ניט, און האָב קיין היים אויך ניט! און ווי ער האָט מקנא געווען יענע יינגלעך, און ווי פלעגט ער גאָט בעטן, ער זאָל ווידער האָבן אַ רביק, אַ חדר! זאָל כאָטש דער רבי שלאָגן, נאָר אַ חדר, אַ רביק און לערנען!... קיין היים האָט ער שוין ניט געבעטן, ווי קאָן ער שוין אַהיים האָבן, אַז ער האָט קיין מאַמען ניט? איינמאָל פאַרבייגייענדיק אַ חדר, ווו אַ בייזמאַדישער ווילנער מלמד האָט מיט זיינע תלמידים געקנעלט, און הערהערנדיק ווי דער רבי לערנט פסוק מיט די קינדער מיט אַזאַ שיינעם ניגון, האָט ער זיך פון אָרט ניט געקאָנט אָפּרייסן, און האָט אונטערן פענצטער זיך צוגעהערט וואָס מען לערנט. פון יענעם מאָל אָן פלעגט ער אַלע טאָג שוין גאַנצע שטיק נעבען פענצטער, דאָס הערצל פלעגט אים צעגייק, און ער פלעגט די ווערטער פון פסוק שלינגען, ביז יינגלעך פלעגן אַרויסגייק, אים דערזען און אַוועקטרייבן מיט זידלעריען און געשריען: גנב! גנב!

איינמאָל האָט ער זיין שוועסטער שרהלען באַגעגנט, זי האָט נאָך ניט געוווּסט, אַז ער איז פון זעליקל שוסטער אַנטלאָפן, יאָסעלע האָט איר דערציילט, און זי האָט אָנגעהויבן צו וויינען.

— וויין ניט, — האָט ער זי געטרייסט — די מאַמע האָט מיך אין חלום געבעטן, איך זאָל לערנען, און איצט לערן איך, אַזוי גוט לערן איך, נאָך בעסער ווי ביי בערלן, שרהלע!

— ווו לערנסטו?

— קום, וועל איך דיר ווייזן, — האָט ער ווי מיט שמחה געענטפערט, און האָט זיך שוועסטערל צוגעפירט — זו הערסט שרהלע? דאָ לערנט מען בעסער און שענער ווי ביי בערלן? דאָ זיץ איך אַלע טאָג און איך לערן אויך גלייך מיט אַלע יינגלעך! — האָט ער זיך שוועסטער מיט פרייד דערציילט — און פרעג מיך עפּעס, וועסטו זען, ווי איך ווייס אַלץ, וואָס מען לערנט דאָ אין חדר! — און ער האָט פאַר זיך שוועסטער אָנגעהויבן זאָגן דעם פּסוק מיט דעם זעלבן שיינעם ניגון אויסנווייניק, פּונקט ווי ער האָט דאָ אונטערן פענצטער געהערט.

— ווו ביסטו? ווו שלאָפסטו? — האָט שרהלע מיט געוויין געפרעגט.

— אין חסידים־שטיבל — האָט ער געענטפערט — דאָרט איז דער שמש א בעסערער ווי אין בית המדרש, ער טרייבט מיך נישט ארויס, ווי יענער, וואָס גיט מיר אפילו קיין חומש נישט.

— און ווו עסטו? און וואָס עסטו, מיין אָרעם יאָסעלע? — האָט זי ווייטער געפרעגט.

יאָסעלע האָט אויף דער שאלה נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן, גלייך ווי ער וואָלט זי צום ערשטן מאָל געהערט און האָט געשוויגן, נאָר טרערן האָבן זיך אין זיינע אויגעלעך באַוויזן.

— קום מיט מיר, מיין טייער יאָסעלע, איך וועל מיט דיר מיין לעצטן ביסן טיילן! — האָט דאָס גוטע שוועסטערל בליצנדיק געזאָגט — קום, האָב קיין מורא נישט, מיין באַלעבאָס וועט מיר גאָר נישט טאָן, אז איך וועל דיר א האַלב פון מיין וואַרעמעס און וועטשערע אָפּגעבן!

און זי האָט אים צו זיך אָפּגעפירט, מיט אים דעם ביסן געטיילט. ר' געצל דעם שניידער איז דאָס דווקא געפעלן, וואָס שרהלע האָט אַזאַ גוט האַרץ. א רחמנות איז דאָך טאַקע אויף דעם אָרעמען קינד! האָט ער געזאָגט, און האָט שרהלען א וואָרט נישט איבערגערעדט, ווען זי פלעגט יעדעס מאָל פון איר פרישטיק און מיטאָג, א העלפט באַהאַלטן פאַר איר ברודערל. שרהלע האָט פון איר קנעפּלעך געראַטן, וואָס פלעגט איר צופאַלן פון אָפּטראָגן א שטיקל אַרבעט, געקויפט פאַר איר ברודערל אַ העמדל און א פאָר הויזלעך. שפּעטער האָט זיך ערשט גאַנץ גוט אַנטפּלעקט, אַז שרהלע פלעגט אים אויסקעמען, אַרומוואַשן, אים געבן זיין חלק פרישטיק, און יאָסעלע איז גלייך געוואָרן, גלייכלעך דערמיט, וואָס קיינער שלאָגט אים נישט, און נאָך גליקלעכער, וואָס ער לערנט, כאָטש אויפן גאַס, אונטער א פענצטער פון א חדר. נאָר די טעג זיינען נאָך געווען וואַרעמע, די פענצטער כמעט אַלע אָפן, און ער הערט און פאַרנעמט קלאָר יעדעס וואָרט, וואָס דער רבי לערנט דאָרט איבערווייניק, און ער געדענקט אַזוי גוט דעם ניגון פון דעם שיינעם מיט אַלע טייטש־ווערטער, אַז עס ווילט זיך אַמאָל אונטערזאָגן יענעם ייִנגל, וואָס בלייבט שטיין ביי א וואָרט, ערגעץ און ווייסט נישט דעם „טייטש". נישט די זלזולים פון די חדר־ייִנגלעך, נישט זייער שפּייען אויף אים, דורכן פענצטער, האָבן אים געקאָנט אָפּטרייבן פון זיין ליב ערטל, וואָס גאָט האָט אים צוגעשיקט. ער לערנט... מער ווי דאָס האָט אים נישט געפעלט און דאָס האָט ער דאָ! — איינמאָל האָט א ייִנגל פון חדר, צי גערן, צי אומגערן, אַרויסגעגאָסן אויף אים א פלאַש הייסע

טיי. יאָסעלע האָט אַ האַרצרייסנדיקן געשריי געטאָן. דער מלמד איז אַרויסגעלאָפן, אים איין חדר אַרייַנגעפירט. צום גליק איז די טיי נישט שטאַרק הייס געווען און קיין בלאָזן אויף זיין לייבעלע זיינען נישט אויפגעלאָפן.

יינגעלע, וועד ביזטו? וואָס מוסטו? — האָט דער מלמד מיטלײַדנדיק געפרעגט.

— איך לערן דאָ! — האָט יאָסעלע בתמימות, וויינענדיק געענטפערט.

— ווער? וואָס ? דאָ אויפן גאַס?

— מיין מאַמע איז געשטאָרבן, — האָט דאָס קינד דערקלערט — איך האָב קיין חדר נישט, הער איך דאָ אונטערן פענצטער אַלץ, וואָס איר לערנט מיט אייערע יינגלעך.

— נו, זאָג אדרבה, וואָס קאָנסטו שוין פון אַזאַ לערנען? — איז דער מלמד טשעקאַווע געוואָרן. און יאָסעלע האָט אָנגעהויבן אויסנוויניק איבערצוזאָגן אַלץ, וואָס ער האָט געהערט פון דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט ביז איצט.

דער מלמד האָט זיך געחידושט, געקוועטשט מיט די פּלייצעס, דאָס אָרעמע קינד געגלעט איבערן קעפּל, און איז אַ בעלן געווען אים צו לאָזן קומען אַלע טאָג איין חדר אַריין, נאָר די תלמידים זיינע, און די באַלעבאַטים פון דעם הויז, וווּ דער חדר איז געווען, האָבן אים געזאָגט, אַז דאָס יינגעלע, דאַכט זיך, גאָר אַ נעבעכל, איז אָבער אַ גנב ידוע, און אַז איבער אים האָט בערל כמעט זיין גאַנץ חדר פאַרלוירן, און עס איז נישט כדאַי אַזאַ איין חדר אַרייַנצולאָזן. דעריבער האָט דער מיטלײַדנדיקער מלמד יאָסעלען געזאָגט, אַז הינטערן פענצטער מעג ער זיצן אַלע טאָג וויפל ער וויל, ער זאָל אים נאָר געבן אַ האַנט, אַז ער וועט קיינמאָל ביי זיינע יינגלעך נישט גנבענען. די חדר־יינגלעך האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין, ווי גרויס די עוולה איז, זיך צו רייצן און נאָך באַליידיקן אַן אָרעם קינד, אַ יתום, וואָס האָט נישט קיין מאַמען, וואָס זאָל אים געבן אין אַ חדר, כאָטש ער וויל לערנען און קאָן לערנען; אדרבה, עס איז אַ מצווה אים צו העלפן מיט וואָס איינער קאָן, און נישט זשאַלעווען אַמאָל אַ שטיקל ברויט אים צו דערלאַנגען דורכן פענצטער, אַנשטאָט צו שפּייען אויף אים!

פון יענעם טאָג אָן האָבן די חדר־יינגלעך אָנגעהויבן רחמנות האָבן אויף יאָסעלען און אָפט פלעגט אים נאָך ווער פון זיי, דורכן פענצטער דערלאַנגען אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער, אַ האַלבע בייגל, וואָס פלעגט אים בלייבן פון אייגענעם פרישטיק, און יאָסעלען איז ליכטיק געוואָרן

אין די אויגן, ווי צו נעסטיקן האָט ער שוין געהאַט: ער איז מיטן אַלטן שמש פונעם חסידים־שטיבל דורכגעקומען, פאַרן אויסקערן דאָס שטיבל פאַרן פרימאָרגן און פאַרן אָנגיסן וואַסער אין כיור, האָט ער אים געלאָזט שלאָפן צווישן אויוון פּראַנק און פריי א גאַנצע נאַכט.

נאָר פּלוצלונג האָט זיך אַן אומגליק געטראָפן: ביי געצל שניידער איז פאַרפאַלן געוואָרן א שטיקל טייערע צאַכאַט פון א גבירהס א קלייד און דער חשד איז געפאַלן אויף יאָסעלען. שרהלע האָט אומזיסט געוויינט און געשוואוירן אַז ניט זי, ניט איר עלנט ברודערל ווייסן פון דער גנבה ניט. געצל אָבער האָט איר געענטפערט:

— דו ביסט טאַקע אַן ערלעך קינד, פאַר דיר וועל איך אַליין שווערן, אָבער פאַר דיין ברודערל וועל איך ניט ערב זיין! אַז א וועלט שרייט, מוז דאָך עפּעס זיין!... נאָר צי וואָס דאַרף איך אים חושד זיין! טאָמער ניט, האָב איך נאָך אַן עבירה, און צי וואָס טויג עס מיר? זאָל ער בעסער ניט גיין אַהערצו, וועל איך אים אוודאי ניט חושד זיין. ווילסטו אים פון דיין עסן וואָס געבן, קיין ערולה ניט, אָבער גיב אים א מאָל אין א וואָך, אָדער מאַך עס אַזוי, אַז דו זאָלסט קיין צייט צעשלאָגן, און ער זאָל אַהערצו ניט דאַרפן קומען, פאַרשטייסט?

און אַז יאָסעלע איז באַלד דערויף געקומען, האָט זיך שרהלע אויסגעוויינט גאַנץ גוט, געבעטן אים, ער זאָל צו איר קומען נאָר שבת. דער באַלעבאָס וויל ניט ליידן, זי וועט זוכן אַן עצה, ווי אים זיין חלק עסן איבערצוגעבן. וואָלט יונה אַזוי ווייט ניט געווינט, — האָט זי געזאָגט — וואָלט איך אַלע טאָג ביי יונהן פאַר די עפּעס לאָזן, נאַ דיר דערווייל עטלעכע קאָפּיקעס, וועסטו זיך קויפן. גיי, מיין אָרעם ברודערל, אונדזער מאַמעס זכות וועט דיר ביישטיין, און גאָט וועט מיר צושיקן אַן עצה, ווי דיך ניט צו לאָזן הונגערן גאַנצע טעג!

יאָסעלע איז אַן אומעטיקער אַוועק צום חדר. דאָ האָט ער דערזען ווי מען שטעלט אויף די דאָפּלטע פענצטער, מען פאַרשמירט און מען פאַרקלעפּט אַלע שפּאַלטן, ער הערט נאָך אַפילו לערנענדיק דאָרט אינעווייניק, אָבער נאָר א קול אָן ווערטער, הערט ער... און ער וועט אויך, אַז ער האָט שוין מער ניט וווּ צו לערנען. ער איז נאָך א צייט געזעסן הינטערן פענצטער ווי אַלע מאָל, אָבער ענדלעך איז ער אַוועק, און דאָס הערצל האָט אים ווי געטאָן זיך צו געזעגענען מיט דעם ערטל, וואָס איז אים אַזוי ליב און טייער געוואָרן. אויף מאָרגן האָבן זיך טאַקע אָנגעהויבן די אָסיענדיקע רעגנס מיט די גרויסע און טיפע אָסיענדיקע בלאָטעס, די קאַלטע גרויסע טעג מיט די פינצטערע, טרויעריקע נעכט,

און דעם אָרעמען קינד איז ערשט רעכט פֿינצטער און טרויעריק געוואָרן. אין שטיבל האָט ער בײַטאָג נישט געקאָנט זײַן: באַלד נאָכן דאַוונען פֿלעגט דער שמש דאָס שטיבל פֿאַרשליסן און אַליין ערגעץ אַוועקגיין. פֿון בית־המדרש האָבן אים די ישיבה־בחורים מיטן שמש שטענדיק אַרויסגעטריבן און ער האָט קיין ברירה נישט, ער בראָדיעט אַרום, אויסגעווייקט פֿון רעגן, דורך די בלאָטיקע גאַסן, ביז עס קומט מנחה־צײַט און ער מעג פֿראַנק און פֿריי אין בית־המדרש אַריין. אַ פּאָר טעג האָט ער אַזוי דורכגעלעבט, נאָר אויפֿן דריטן טאָג האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט שוין פֿון די עטלעכע קאָפּיקעס נישט מיט וואָס זיך ברויט צו קויפֿן, ער שטייט שוין אַ גאַנצן טאָג ערגעץ אונטער אַ ברעג דאַך, באַהאַלט זיך פֿון רעגן, דאָס הערצל חלשט, עס איז שוין נאָך האַלבן טאָג, און ער האָט נאָך אין זײַן מויל נישט געהאַט, ער געדענקט דעם חשבון נישט, און פּרוּווט נאָך זוכן אין די קעשענעס זײַנע, טאָמער איז נאָך דאָ אַ קאָפּיקע, ער זוכט, טאַפּט, נישטאָ! ער דערמאָנט זיך, עפּעס איז דאָך דאָ אַ מאַרק אויף דער וואָלט און דאָרט פֿלעגט ער דאָך געפֿינען אַמאָל עפּעס מיט וואָס דאָס הערצל אונטערצולענען. און נישט קוקנדיק אויפֿן רעגן און בלאָטע לאָזט ער זיך צום מאַרק; נאָר אָט איז ער שוין דאָרט, און געפֿינט דעם גאַנצן פּלאַץ פֿאַרלאָזן און ליידיק. ער דערמאָנט זיך דעם טײַטש־וואָרט: תהו ובֿהו, וויסט און לער — רעדט ער פֿאַר זיך, פּונקט אַזוי זעט אויס דער מאַרק! עס זעט זיך שוין כמעט אַפֿילו די בלאָטע נישט אַרויס. וואַסער בלאָטיקע, על פּני תהום, אויף דער אויבערפֿלאַך פֿון אַפּגרונט! טראַכט ער, נישטאָ קיין ווײַבער מיט אויבס, נישטאָ קיין גוים מיט וועגן, אַנשטאָט ערגעץ אַ שטיקל אַרומגעביסן עפּל, אַנשטאָט אַ מיקערל, וואָס וואָלט אים איצט מחיה געווען, זעט ער אויפֿן גאַנצן מאַרק נאָר רעגן־בלעזלעך, וואָס ווערן און פֿאַרשווינדן אָן אַ שיעור, אָן אַ צאָל. עס פֿאַלט אים אײַן פּרוּוון ציילן די בלעזלעך, און ער פֿאַרגעסט אויף אַ ווײַלע, אַז ער איז הונגעריק און צוליב וואָס ער איז געקומען אַהערצו. ער ציילט און ציילט און עפּעס דאַכט זיך אים אויס, אַז דאָס זײַנען נישט פּשוטע בלעזלעך נאָר אַזעלכע, וואָס קוקן אויף אים... אפֿשר זײַנען דאָס גאָר נשמהלעך? טראַכט ער, אָט לעבט איינע, אָט שטאַרבט איינע... דער רעגן ווערט דערווײַל גרעסער און פּלוצלינג, אויס בלעזלעך... אַלע נשמהלעך אויסגעשטאָרבן, אין הימל אַרײַנגעפֿלויגן, גאָט האָט זיי צוגענומען! טראַכט ער פֿאַר זיך. נאָר לאַנג טראַכטן קאָן ער נישט, ער פֿילט, ווי דאָס וואַסער קריכט שוין אַריין אין די שיכלעך זײַנע, דער רעגן נעמט אים דורך ביזן לײַבעלע, ער טוט

א ציטער און הייבט אָן לויפן צוריק. וווהין צוריק? ער ווייסט אַליין נישט. נאָר עס ציט אים נענטער צום בית־המדרש. אָט איז ער שוין אין פּאָדהויז. ער דערזעט דעם שמש און וויל שוין מאכן פּליטה, נאָר עפּעס איז דער שמש צו אים אַזוי גוט היינט, ער טרייבט אים נישט אַרויס, נאָר דערלאַנגט אים נאָך א בעזעם אָפּצוראַמען די בלעטלעך פון זיינע פּיס־לעך, און הייסט אים אַריינגיין אין בית־המדרש זיך אָפּטריקענען ביים אויוון. ער איז אַזוי גליקלעך פון דעם שמשס גוטסקייט, אַז ער פאַרגעסט גאָר, אַז ער איז הונגעריק. ער זיצט נעבן אויוון, טריקנט זיך און וואַ־רעמט זיך, ביז מען האָט אָנגעהויבן דאַווענען מנחה. צווישן מנחה און מעריב כאַפּט ער א דרימל, נאָר אָט גיט מען א קלאַפּ אויף דער בימה און מען זאָגט „והוא רחום", ער טשוכעט זיך אויס, דאַוונט מעריב און זאָגט קדיש. דער בית המדרש ווערט ליידיק. די ישיבה־בחורים פאַרמאַכן די גמרות. יאָסעלען הייבט אָן מוטשען דער הונגער, ער חלשט, כאָטש עפּעס נעמען אין מויל, און ער לאָזט זיך גיין צוריק אַהיים, דאָס הייסט: צו זיין נאַכט־לעגער אין חסידים־שטיבל, פאַרבייגייענדיק א בידעריק אָרעם שטיבעלע, דערזעט ער דורכן פענצטער, ווי א מאַמע מיט קינדער זיצן ביים טיש און עסן וועטשערע, ער דערמאָנט זיך אין זיין מאַמען, און איז מקנא יענע קינדער, וואָס האָבן א מאַמע, א היים, און א וועטשערע. עס ווערט אים עפּעס אַזוי ביטער אויפן געמיט, אַזוי פינצטער אין די אויגעלעך, אַז ער קאָן נישט ווייטער גיין, א היבשע ווײַלע שטייט ער אַזוי און קוקט נאָך אין פענצטער. כאָטש איין שטיקעלע ברויט, אַז איך זאָל האָבן! טראַכט ער, און דער הונגער גיט אים מוט אַריינצוגיין בעטן א שטיקל ברויט, וואָס ביז איצט האָט ער עס נאָך קיינמאָל נישט געפּרוווט. די יידענע נעמט צוזאַמען די געבליבענע שטיקלעך ברויט פון טיש און דערלאַנגט אים. ער גיט נאָר א קוק אויף איר אַזוי רירנד, אָבער א דאַנק זאָגן קאָן ער נישט און לויפט אַרויס מיט שמחה. גייענדיק עסט ער דער־וויל צו ברעקלעך. „ווייניקער ווי א כזית מעג מען עסן אומגעוואַשן — געדענקט ער, האָט אים זיין טאַטע אַמאָל געזאָגט — אין „שטיבל" וועל איך זיך וואַשן!" און ער לויפט מיט אימפּעט צום „שטיבל", דאָ האָט ער זיך באַלד געוואַשן און אויפגעגעסן דאָס איבעריקע כאָטש עס איז שוין פיל נישט געבליבן. אַרונטערגעלייגט דאָס מויל אונטערן קראַן פון כיור און זיך אָנגעטרינקען, געבענטשט, קריאת שמע געלייענט און זיך שלאָפן געלייגט. פאַרטאָג, אַז דער שמש האָט אים אויפגעוועקט אויסקערן דאָס שטיבל, האָט אים דער קאָפּ עפּעס אַזוי ווי געטאָן, אַזוי שווער געווען די אויגן צו עפענען און אויפצושטיין, אַז קוים איז דער שמש אַוועק

פון אים, איז ער באַלד ווידער איינגעשלאָפן. אויפגעוועקט צום צווייטן מאָל, האָט ער זיך מיט אַלע כוחות אַביסל אויסגעטשוכעט, אויסגעגענעצט און איז אויפגעשטאַנען. אַ גאַנצן טאָג האָבן אים אַלע ביינער געבראָכן, און אַזוי קאַלט ווי הייַנט איז אים נאָך קיינמאָל נישט געווען. און ווידער בראָדיעט ער איבער די בלאָטעס, און ווידער קומט ער אין בית המדרש, דאַוונט מנחה און זאָגט קדיש, דאַוונט מעריב און זאָגט קדיש. נאָר דאָס קולכל זייַנס ציטערט און איז צעבראָכן, דער אָטעם קורץ, און ער בלייַבט שטיין ווי אָפּגעהאַקט נאָך יעדע עטלעכע ווערטער. ער פילט, אַז ער איז קראַנק, נאָר דאָס איז פון דעם, וואָס איך האָב הייַנט נישט געגעסן! — טראַכט ער — אַז איך וועל אָפּעסן, וועל איך געזונט ווערן! — טרייסט ער זיך, — און עס בלייַבט ביי אים נאָך אַמאָל אַרייַנצוגיין אין יענעם שטיבעלע, וווּ ער האָט נעכטן באַקומען אַ שטיקל ברויט. נאָר הייַנט טרייַבט אים אַהין נישט דער הונגער, עפּעס האָט אים אַ גאַנצן טאָג גאָר נישט געהונגערט, נאָר ער וויל בעטן אַ שטיקל ברויט פון רפואה וועגן, עס זאָל אים, מיינט ער, דער קאָפּ אַזוי נישט ווייטאָן, און עס זאָלן אַזוי נישט ברעכן און ציטערן אַלע גלידער פון קעלט.

— אַלע טאָג ביי מיר, יענגעלע! — באַגעגנט אים די יידענע — איך בין נישט אייַנע אין שטאָט! איך דאַנק גאָט, איך האָב פאַר מייַנע אייגענע קינדערלעך! נעכטן ביי מיר, גיי הייַנט יענגעלע, צו אַן אַנדערן אַריין!

יאָסעלע האָט שוין חרטה און וויל שוין אַרויסגיין אָן אַ רפואה, נאָר די יידענע נעמט אים אָן פאַר דער האַנט און זאָגט: קום, איך וועל דיר וויקן וואַרעם אַרייַנצוגיין און ער פאָלגט די יידענע און גייט אַרייַן גלייַך אין אַ קיך ערגעץ. און דאָ איז אַזוי ליכטיק, אַזוי וואַרעם!... אַז איך זאָל קאָנען זיך דאָ אָנוואַרעמען, אויסשלאָפן, וואָלט איך באַלד געזונט געוואָרן! — טראַכט ער — ניין, עסן וויל איך גאָר נישט! נאָר אין קיך איז קיינער נישטאָ און ער בלייַבט שטיין ביי דער טיר. באַלד איז די קעכין אַרייַן און האָט זיך ווי דערשראָקן. אויפן טיש האָבן זיך געוואַלגערט זילבערנע לעפל.

— ווי אַזוי ביסטו דאָ אַרייַן? — האָט די קעכין געפרעגט, איבערציילנדיק דאָס זילבער.

— אַזוי! — האָט יאָסעלע געענטפערט.

— אַ קלאָג צו תאצקלצן — האָט די קעכין געשאָלטן, — לאָזט דאָס זילבער אויפן טיש און גייט זיך אַרויס, כאָטש צעטראָג דאָ די גאַנצע קיך! האָסט שוין עפּעס וואָס צוגענומען דאָ, יענגעלע?

— גאָר נישט געגומען, אָנגעהאָרעוועט זיך אביסל, וועל איך געווינט ווערן, וועל איך באַלד אוועקגייז! — האָט יאָסעלע געענטפערט — איך וויל קיין שטיקל ברויט אויך נישט אפילו...

אין די דרייד איז חאצקל אריינגעקומען. נישט וויסנדיק, איז יאָסעלע צו שיינדעלען אין קיך אריין. חאצקל האָט אים באַלד דערקענט.

— זע נאָר מיט וועמען זי רעדט! — האָט ער א געשריי געטאָן — דאָס איז דאָך דער גנב, וואָס טוט ער דאָ, געקומען עפּעס צו־לאָפּעווען, ימח שמו. מיט די דרייד האָט ער יאָסעלען א שלעפּ געטאָן צו זיך — האָג ממזר, וואָס טוסטו דאָ! האָסט פאַרגעסן אפּנים מיינע אמאָליקע קלעפּ, אז דו קומסט שוין ווידער? נאַ — האָט ער אים א פּאַטש אראָפּגעלאָזן — און געדענק, אז עס איז דאָ א חאצקל אויף דער וועלט, און א טויט וועט ער דיר מאַכן, אז דיין פוס וועט דאָ אויפן שוועל אריף נאָך אמאָל!

— שלאָג אים נישט, חאצקל, איינגעשלאָגן האָלסטו ווערן פון גאָט! — האָט די קעכין געשריגן, — ווו האָט מען דאָס אזא הארץ אזא קראַנק קינד אזוי צו שלאָגן?

נאָר חאצקל האָט זיך זינס געטאָן און יאָסעלען ווייטער געשלאָגן. זאָל ער וויסן פון נאָך אמאָל וועגן! — האָט ער געשריגן — פאַר שיינדעלע זאָל איך אזוי מורא האָבן לעבעדיקערהייט, ווי איך האָב מורא פאַר זיין מאַמען טויטערהיט. א גנב מעג מען שלאָגן, בישקשה!

אָבער ער האָט נאָך נישט געגנבעט, און איינברעכן אויף דיר! — האָט די קעכין געטענהט — לאָז אים אָפּ, א קראַנק קינד, מיינע שונאים זאָלן זיך פּנים און הייך געזהנט האָבן!

— פריער אים אויסטרייסלען, חען, צי ער האָט דאָ נישט עפּעס צו־גענומען, — האָט האצקל באַכגעשריגן — דערנאָך קטשאַרטו מאַטערי!

און חאצקל האָט גענומען יאָסעלען טרייסלען, זוכן אין זיינע קע־שענעס, אָבער ער האָט גאָרנישט געפונען. דיין גליק, ממזר, וואָס דו האָסט נאָך קיין צייט נישט געהאַט עפּעס צו נעמען, איך וואָלט דיך א לעבעדיקן נישט געלאָזן: מאַרש, פּאַשאָל! און פאַרזאָג דיינע אוראייניקלעך אין האצקלס הויז נישט אריינצוּכאַלן!

מיט די ווערטער האָט חאצקל די טיר געעפנט און מיט עטלעכע זעצן איז זייט און אין רוקן, אראָפּגעשלידערט דאָס ציטערנדלעך, האַלב טויטע קינד פון אלע טרעפּלעך. א היבשע ווייל איז יאָסעלע געבליבן ליגן אויפן גאַס, נישט וויסנדיק און נישט פילנדיק, וואָס מיט אים טוט זיך. נאָר די קעכין, וואָס איז טשעקאַווע געווען צו וויסן, צי ער האָט נאָך

כוח אהיים צו גיין, איז ארויס, אים צוהעלפן זיך וואַפּהייבן, און אים געהייסן גיין אהיים.

יאָסעלע איז נאָך געגאַנגען עטלעכע טריט אליין, באַלד אָבער האָבן זיך אים די פיסלעך אונטערגעבראָכן, און ער האָט מיט די לעצטע כוחות קוים צום פאַרקאַן זיך צוגעשלעפּט. דאָ האָט ער זיך אַנידערגעזעצט, אָפּרוען זיך אַביסל, נאָר באַלד האָט ער זיך פאַרגעסן ווו ער איז. פייער־דיקע רעדער האָבן זיך געדרייט פאַר זיינע אויגעלעך, און דאכטן זיך, עס איז אזוי פינצטער ארום אים, פונדעסטוועגן זעט ער עפּעס מענטשן, אזעלכע מאָדנע הויכע מענטשן, מיט דריי נעזער, מיט פינף נעזער, מיט א סך קעפּ, זיי זעען אויס ווי חאַזקל, ווי שיינדעלע, דיקע, הויכע ביזן הימל... ער שרעקט זיך פאַר זיי, ער ציטערט, זיי ווילן אים שלאָגן, נאָר אָט דאכט זיך, שטייט די מאַמע זיינע, זי וויינט, גלעט אים, זי לייגט אים איין בעט, טוליעט אים, נישטאָ מער קיין מענטשן, די מאַמע אויך נישטאָ... נאָר שרהלע שטייט נעבן אים, און אָט הערט ער, ווי דער טאַטע הוסט און הוסט, נאָר עפּעס דאכט אים, אז נישט דער טאַטע, נאָר ער אליין הוסט עס, און נאָך יעדן הוסט, שטעכט אים אזוי אין זייט... ער טאַפּט מיט דער האַנט, וואָס שטעכט אים אזוי? ער הערט ווי ער קרעכצט, דער אָטעם איז אים אזוי שווער, און אזוי קרעכצט ער ווייטער, ביז ער ווערט אנטשלאָפן.

א גאַנצע נאַכט האָט גערעגנט, געגאָסן, א לעבעדיקער מענטש איז אויפן גאַס נישט ארויס, פאַרטאָג ערשט, אז ר׳ שואל דער שוחט איז אין בוינע געגאַנגען מיט די חלפים אין איין האַנט און מיט זיין גרויסן לאַמ־טערן אין דער אַנדערער, האָט ער אין וועג געפונען יאָסעלען.

ר׳ שואל איז בכלל קיין פּחדן נישט געווען, פונדעסטוועגן איז ער מיט שרעק אָפּגעשפּרינגען צוריק, אז ער איז צוגעקומען נענטער און דערזען, עס ליגט א קינד און קרעכצט.

— וואָס קאָן עס זיין? וואָס זאָל עס באַדייטן? — פרעגט זיך ר׳ שואל — אין אַזא נאַכט, וואָס א הונט איז אויפן גאַס נישט ארויס, ווי קומט עס? עפּעס נישט גלאַט!

ער האָט דעם לאַמטערן צוגערוקט נענטער און האָט דערזען, א יידיש קינד, אויף מיך הן צדק! וואָס איז דאָס? ניין, מען טאָר אזוי נישט פאַרבייגיין, איך מוז באַלד געוואָר ווערן! — שואל האָט זיך אראָפּגע־בויגן, א טאַפּ געטאָן דאָס קינד — א טשעקאַווע זאַך — האָט ער ווידער געזאָגט — א וואַרעם קעפּל... איך האָב געמיינט, עס וועט זיין א דער־פרוירנס, נא דיר גאָר, הייס ווי פייער, א טשעקאַווע זאַך!

— שטיי אויף, יינגעלע! — האָט שאול עס אָנגעהויבן וועקן — שטיי אויף. ער האָט עס אויפגעהויבן פאַרן קאָפּ.

יאָסעלע האָט די אויגן געעפנט.

— אוי, די זייט! — האָט יאָסעלע געקרעכצט.

— וועער ביסטו? זאָג, ווער ביסטו? — האָט שאול עטלעכע מאָל איבער־געפרעגט, ביז ער האָט עס פאַנאַנדערגעטרייסלט.

— יאָסעלע! — האָט דאָס אָרעמע קינד קוים אַרויסגערעדט.

— וועלכער יאָסעלע? — האָט שאול ווידער געפרעגט.

— דער גנב!

— דער גנב? יאָסעלע? אוודאי כיהענעס יינגל!

— מיין מאַמע איז ערשט דאָ געווען! — האָט דאָס קינד געקרעכצט.

— דיין מאַמע איז געשטאָרבן, נאַרעלע, דעריבער וואַלגערסטו זיך אַזוי אויפן גאַס! — האָט שאול ווי פאַר זיך גערעדט — נאַר זאָג מיר, ווי טוסטו אַזאַ נאַרישקייט און ליגסט זיך שלאָפן אין אַזאַ שלאַקס־רעגן אויפן גאַס? וואָס ביסטו נישט אַהיימגעגאַנגען? נאָך צו מעריב נעכטן האָב איך דיך געזען און האָב געמיינט, דו גייסט אַהיים.

— איך האָב קיין היים נישט! — האָט יאָסעלע קוים אַרויסגעקרעכצט.

— ביסטו דאָך טאַקע גאָרנישט קלוג — האָט אים ר׳ שאול געגעבן צו פאַרשטיין — איך האָב געמיינט, ביסט אַ קלוגער יינגל. נאַרעלע, אַז דו וואָלסט צו מיר אַריינגעגאַנגען נעכטיקן, וואָלט איך דיך אויך נישט אַרויסגעטריבן, ווי נעכטיקט מען דאָס אין אַזאַ קעלט און רעגן אויפן גאַס? עס איז דאָך סכנות נפשות!

יאָסעלע האָט שוין נישט געענטפערט, עס האָט אים אָנגעהויבן וואַרפן אין קעלט, און ר׳ שאול האָט געהערט ווי עס טרייסלען זיך אים די צייג־דלעך אין מויל.

— זעסטו — האָט ער געזאָגט מיט רחמנות — האָסט זיך טאַקע שוין צוגעקילט! קום מיט מיר, איך וועל דיך אין שטוב אַריינפירן, קיינער וועט דיך נישט אַרויסטרייבן, וועסט זיך אָנוואַרעמען אביסל. יאָסעלע האָט נישט געענטפערט.

— וואָס שווייגסטו, נאַרעלע? קום גיכער — האָט ר׳ שאול מיט רחמנות אים אָנגענומען — קום, מיין קינד, איך האָב מורא, דו ביסט שוין גוט קראַנק... אַזאַ נאַרישקייט! איך פאַרשטיי עס גאָר נישט, וואָס האָסטו זיך לכתחילה געקלערט, אַז דו האָסט דיך דאָ געלייגט שלאָפן?

און ר׳ שואל האט אים געפרווט פאר א הענטל אבנעמען, אים אריינפירן ערגעץ, נאר דאס עלנטע קינד האט שוין אויף די פיסלעך זיך נישט געקאנט שטעלן.

— ביסט גוט קראנק, אָרעם קינד! — האט דער אלטער ייד מיט א שווערן זיפץ ארויסגערעדט — וואס טו איך מיט דיר? ער האט די חלפים זיינע אריינגעשטעקט אין בוזעם, געגומען יאסעלען אויף דער האנט, זיך געוואונדערט ווי גרינג ער איז, ווי א קינד אפשר פון דריי יאר! — האט ער פאר זיך גערעדט — ער האט אים צום באלטאקסע געוואלט אריינטראגן, ער האט זיך אבער באלד דערמאנט און געזאגט: נישט כדאי! בעסער צו אן אנדערן יידן... כאטש איך האב גאר קיין צייט נישט, די קצבים וועלן דארט משוגע ווערן... זאלן זיי משוגע ווערן! ווי רעדן? לאזן אים אויפן גאס? נו, א מעשה, א מעשה נורא ממש! איך וואלט עס גאר אויף דיר זיך נישט גערעכנט, נאריש קינד!

און אין ערשטן יידישן פענצטער, ווו עס האט נאר א שיין פון א ליכט זיך געוויזן, האט ר׳ שואל אנגעקלאפט, געבעטן עפענען די טיר.

— אזא מעשה, אזא מעשה! — האט ר׳ שואל געקרעכצט אין שטוב אריינקומענדיק — א קינד נעמט און ליגט זיך שלאפן ארנטער א פארקאן, אין אזא נאכט, וואס האט עמערוויז געגאסן!... האט קיין דאגות נישט, אין שלאפט מסתמא שטארקער ווי א דערוואקסענער מענטש; הערט גאר־נישט, אז עס רעגנט אויף אים, שלאפט אן דאגות, און נעמט און קילט זיך צו; און איך האב מורא, אז ער האט זיך א גאנצע חתונה אנגעמאכט... גוט נאך, וואס איך האב אים דערזען! צו מיין היים איז אבער א מהלך רב פון דאנען בין איך מיך מיישב: יידן זיינען דאך יידן, וועלכער ייד וועט נישט לאזן א קינד, וואס וואלגערט זיך אין אזא נאכט אויפן גאס, צו זיך אין שטוב אריינטראגן, ביז וואנען וואס? אט האב איך עס צו אייך אריינגעטראגן.

— א קינד? — האט דער באלעבאס געפרעגט.

— א קינד, א יתום׳ל! נאך נעכטן צו מעריב קדיש געזאגט נאך דער מאמען זיינער, א כשרע, פרומע אשה געווען די מאמע זיינע!... דער באלע־באס האט א קוק געטאן אויף דעם קינד און האט עס באלד דערקענט.

— דאס איז דאך דאס יינגעלע, וואס אלע רופן אים גנב! — האט דער באלעבאס געזאגט — עפעס א גאנצע מעשה האט מען מיר אנגער־ציילט אויף אים. נאר דאס איז נישט מיין זאך, מיר, דעט איר, איז דאס יינגעלע דווקא געפעלן. הערט אויס א מעשה, וואס קאן זיך פארלויפן; עפעס איינמאל באמערק איך אין חדר, אז מיינע יינגלעך קוקן זיך

איטלעכע ווילע איין אין פענצטער, און האָבן דאָרט עפּעס צו טאָן מיט אײנעם; ביזער איך מיך אָן אויף זיי, און קלער גאָר נישט. נאָר וואָס אַ שייגאָץ א ייִנגל קאָן! איז זיך אַמאָל מיישב אײנער פון מײנע חדר־ייִנגלעך און נעמט א פלאַש הייסע טיי און גיסט דורך דורכן פענצטער און בריט אָפּ עמעצן. איך הער א געשריי, איך לויף ארויס און דאָס הארץ איז מיר צעגאַנגען! אָפּגעבריט נעבעך אַט טאַקע דאָס איגענע ייִנגעלע — איך דערקען אים גאַנץ גוט— איך נעם אים אריין אין חדר, איך טו אים אויס די הייזלעך, א דאַנק גאָט, קיין בלאָזן נישטאָ, מסתּמא נישט גאַנץ הייס געווען די טיי. נאָך נסים, ווי איך בין א ייִד! ייִנגעלע, וואָס טוסטו דאָ הינטערן פענצטער? — פרעג איך — איך הער צו, ווי מען לערנט דאָ! ענטפערט ער מיר.

וואָס לערנט מען דאָ! פרעג איך טשעקאווע, נו, וואָס מיינט איר? האָט ער מיר נישט אָפּגעזאָגט א גאַנץ קאַפּיטל ישעיה אויסנווייניק, פּונקט ווי איך לערן מיט מײנע חדר־ייִנגלעך? דאָס הארץ איז מיר פארקלעמט געוואָרן, באַנעמענדיק די גאַנצע תולדות פון דעם ייִנגעלע. און איר מעגט מיר גלייבן, ר׳ שואל, ווען איך הער נישט מן הצד, אַז בערל שעפּטלס האָט צוליב אים פארלוירן א האַלבן קבצה'טע, וואָלט איך בשמחה רבה אים צו מיר אין חדר אריינגענומען און וואָלט מיט אים געלערנט אומ־זיסט, אין מיטן בין איך דאָ א גר ביי איך אין שטאָט... און איך ווייס באמת נישט, ווי געפינט זיך נישט פאַר אַזא קינד, וואָס האָט אַזא תשוקה צו לערנען, קיין קרוב, קיין גואל, וואָס זאָל זען, ער זאָל נעבעך לאַיבוד נישט גיין? נו, א באַשערטע זאַך מסתּמא! דארפט איר גיין אים געפינען אויפן גאַס נעבעך, און אים אריינטראָגן צו מיר... דער רבונו של עולם אַפּנים ווייסט, אַז איך האָב רחמנות אויף אים, האָט ער איך אָנגעוויזן מיין טיר וווהין אריינצוגיין! זאָל איך זיין צו מצווה, ר׳ שואל.

— איך האָב בעת מעשה, גאָר קיין אַנדערע מחשבה נישט געהאַט, ווי אריינצוטראָגן מיין מציאה צו ר׳ שלמהן, אַוודאי באַלטאַקסע — האָט ר׳ שואל דערציילט — און מיטן דערמאָן איך זיך די גאַנצע גע־שיכטע, וואָס דאָ איז געשען מיט דעם אייגענעם ייִנגל, צוליב ר׳ שלמהס ווייב, און גיב בעת מעשה א קלער: אפשר איז דאָס דעם באַלטאַקסע אונדזערן א נסיון פון אויבן? נישט כדאי, רעכן איך, א ייִדן צו א נסיון צו ברענגען, איך וועלכן ער וועט זיכער נישט ביישטיין! און איך נעם און טראָג אים אריין צו איך. זאָל ער זיך טאַקע דורכוואַרעמען זיינע ביינ־דעלעך! בעט איער ווייב, די זאָל אים גוט איינדעקן, אפשר וועט ער אי־בערשווייצן און געזונט ווערן, צום דאַוונען וועל איך, אם ירצה השם

א רייד מאכן אין בית המדרש, און איר וועט זען, יידן וועלן נישט לאָזן עס זאָל אַזוינס מיט אים פּאַסירן נאָך אַמאָל! מען דארף נאָר קאָנען מעורר זיין יידן, וועט שוין אלץ רעכט! א מאַנער דארף מען האָבן, בלייבט א ייד קיין בעל־חוב נישט.

— א גוטער צאָלער אָבער, ר׳ שואל, דארף נישט וואַרטן, ביז מען וועט אים קומען מאַנען!... ער געדענקט זיין חוב אליין, און נאָך איידער יענער קומט מאַנען, טראָגט ער אים אין שטוב אריין!... וואָלט נישט גלייכער געווען, אַז מען וואָלט בעסער מקדים זיין יעדע רעה, זי זאָל נישט קומען!

דערווייל האָט דעם מלמדס ווייב יאָסעלען אַראָפּגעצויגן די נאַסע בגדימלעך זיינע, אים אָרויפגעלייגט אויף בעטגעוואַנט און גוט איינגעדעקט. זי האָט אָבער נישט אין וואָרט געקאָנט פון אים אַרויסבאַקומען, ער האָט געפיבערט און געריעדט פון היץ.

—א טויט קינד, גאָט וויסט, צי ער וועט דעם טאָג איבערלעבן?! — האָט דאָס ווייבל די מאַנסלייט דערציילט, מיט שרעק אויף איר געזיכט — זאָל ווער לויפן נאָך א דאָקטאָר, אפשר קאָן מען אים נאָך ראַטעווען!

—ווייסט איר וואָס, ר׳ בצלאל, לויפט איר, זייט מוחל, אין ברינגט אריין, זאָגט די קצבים, זיי זאָלן שיקן נאָך מיין איידעם. זאָל ער היינט קריילן, איך וועל לויפן ברענגען נחמן דעם פעלדשער!

אין עטלעכע מינוט אַרום, איז ר׳ שואל צוריק אריין מיט נחמן דעם פעלדשער, וועלכער האָט באַלד דערקענט, אַז יאָסעלע האָט געכאַפּט א שטאַרקע לונגען־אָנצינדונג, און איז אין א גרויסער סכנה; על כן איז זיין עצה, מען זאָל אים וואָס גיכער אָוועקטראָגן אין הקדש, וווּ עס איז דאָ א שטענדיקער דאָקטער מיט אַן אַפּטייק. דאָ איז פאַר אים קיין אָרט נישט, ביז מען וועט אהערצו ברענגען פאַר אים א דאָקטער מיט רפואות, קאָן ער אריין אין נאָך א גרעסערער סכנה.

נישט געוואַרט אין מינוט האָט דער אַלטער ר׳שואל גענומען דאָס קראַנקע קינד ווי א קוואַטער אויף ביידע הענט, דאָס ווילנער ווייבל האָט עס איינגעדעקט אין א וואַרעמער דעקע, און מיט טרערן אין די אויגן האָט זי געזאָגט: גייט, ר׳ שואל, א מיצוה איז א סך, ראַטעוועט דאָס אָרעמע קינד! גאָט וועט צוליב זיין מאַמעס זכות, דורך אייך אים זיין אמתע רפואה צושיקן! איך וועל נאָר דאָ מיינע קינדער אָנטאָן, וואַשן און ברכה מיט זיי אָפּזאָגן, וועל איך באַלד קומען אין הקדש אריין, נעבן אים זיין. דאָס האַרץ צעגייט מיר פון רחמנות.

— איך בין אַ שכיר יום — האָט דער מלמד זיך פֿאַרענטפֿערט — איך מוז אָפּדאַווענען און לויפֿן אין חדר אַריין, אַז נישט וואָלט איך אייך נישט לאָזן, ר' שאול, אים אויף אייערע הענט טראָגן, איך בין יונגער און מיר וואָלט עס געווייס גרינגער געווען ווי אייך.

— קיין שווערע משא נישט ר' בצלאל — האָט ר' שאול געענטפֿערט — און אויסגעפּיניקט לייבעלע נעבעך... וועגט אין גאַנצן ווי אַ קינד פֿון דריי יאָר, וואָלט מיר אַזוי גרינג זיין עס צו ראַטעווען, ווי גרינג דאָס אַוועקטראָגן אין הקדש וועט מיר זיין.

דריי טעג איז יאָסעלע אין הקדש געלעגן, אויסער דעם אַלטן ר' שאול שוחט, וואָס פֿלעגט עטלעכע מאָל אין טאָג קומען געזעגענען, פֿלעגט אָפּט דעם ווילנער מלמדס ווייב שעהן גאַנצע זיצן נעבן אים, אים דאָס קישעלע אונטער זיין קאָפּ צורעכט־לייגן, די רפֿואה אים געגעבן, און האָט צו אים אַרויסגעוויזן טרייקייט ווי אַ מוטער צו איר קינד. מער איז קיינער צו אים נישט געקומען, מיט אים זיך נישט פֿאַראינטערעסירט, אפֿילו דער אייגענער פֿאָטער זיינער, וואָס איז דאָ אין זעלבן הויז אונטער איין דאַך געלעגן, האָט נישט געוווּסט, אַז וועלכער סכנה זיין עלנט קינד ליגט דאָ נעבן אים. ברוך דער שמש איז אַליין, אין דער צייט געפֿערלעך קראַנק געווען, און ווען מען איז אים זיבען געלעגן אין אַזאַ צעשטאַנד אים די גוטע בשורה אָנצוזאָגן.

ערשט אויפֿן דריטן טאָג האָט זיך יוחנה דער וואַסער־טרעגער, ביי שיינדעלען אין קיך, זיך דערוווּסט, וואָס מיט יאָסעלען טוט זיך

די קעכין האָט אים דערציילט, אַז זי האָט אין יאָטקע געהערט, אַז כיענעס יענגל האָט מען דערפֿרוירן אויפֿן גאַס געפֿונען, און ער ליגט איצט געפֿערלעך קראַנק אין הקדש.

יוחנה האָט נישט געוואַרט, און מיט לידיקע עמערס אין ביידע הענט, איז ער געלאָפֿן גלייך צום הקדש. פֿאַרבייאיילנדיק געצל דעם שניידער, איז ער אַריין געווויר וווערן, טאָמער ווייסט שרהלע עפּעס, שרהלע האָט אָבער נאָך פֿון גאָרנישט געוווּסט; שבת אַ גאַנצן טאָג האָט זי איר ברודערל געזוכט, דער שמש פֿון שטיבל האָט איר געזאָגט, אַז שוין עטלעכע נעכט נעכטיקט ער דאָ נישט.

— קום, שרהלע גיכער צום הקדש, קום! — האָט יוחנה אָן אָטעם כמעט אַרויסגערעדט, אַז ער האָט געזען, אַז זי ווייסט נאָך פֿון גאָרנישט.

— דער טאַטע איז אפֿשר? — האָט שרהלע אַ דערשראָקענע געפֿרעגט און האָט מורא געהאַט דאָס שרעקלעכע וואָרט; קראַנק, אָדער געשטאָרבן, אַרויסצורעדן.

נישט דער טאַטע, יאָסעלע נעבעך איז קראַנק, זאָגט מען, שטאַרק קראַנק, און ליגט שוין דעם דריטן טאָג אין הקדש.

— א קויל האָט מיך געטראָפן! — האָט דאָס צוועלף יעריקע מיידל א געשריי געטאָן — א דונער האָט מיך איינגעשלאָגן! אוי, איך בין אַליין שולדיק אוודאי פאַר הונגער, פאַר קעלט קראַנק געוואָרן, ביז איך האָב זיך צוגעקליבן ווי אים פון מיין חלק עסן איבערצוגעבן!... אוי, מיין אָרעם ברודערל, מיין טייער יאָסעלע, מיין האַרץ און מיין אויג פון מיין קאָפּ!

— אָן און אָטעם זיינען זיי ביידע אין הקדש אַריין. גלייך צוגעפאַלן צו יאָסעלעס בעטל. נעבן אים איז איצט געזעסן דאָס ווילנער ווייבל און געקוקט, ווי דאָס עלנטע קינד מאַטערט זיך.

— יאָסעלע, מיין ברודערל, מיין האַרץ! — איז שרהלע צוגעפאַלן צום בעט און א ים טרערן האָבן זיך א גאָס געטאָן איבערן קראַנקן קינד. נאָר יאָסעלע האָט שוין נישט געהערט, אָדער קיין כוח שוין נישט געהאַט צו ענטפערן.

— יאָסעלע, ענטפער מיר! שרהלע, דיין פינצטערע, ביטערע שוועסטער שטייט דאָ! ענטפער מיר, יאָסעלע, דערקענסט מיך? — האָט זי געקלאָגט און מיט א האַרצרייסנדיק געשריי איר ברודערל געוועקט. דאָס קינד האָט די אויגעלעך געעפנט, שטאַר און ליידנדיק געקוקט און באַלד צוריק צוגעמאַכט.

— כאָטש איין וואָרט רייד מיט מיר, יאָסעלע, מיין קרוין!... איין וואָרט כאָטש פאַר דיין עלנטער שוועסטער... יאָסעלע, עפן די אויגעלעך, מיין ברודערל, זע, ווי איך שטיי דאָ נעבן דיר!... מיין האַרץ, מיין ברודערל, איין קוק נאָר אויף מיר.

יאָסעלע האָט נאָך אַמאָל די אויגעלעך ווי מיט געוואַלד געעפנט. שרהלע איז אַרויפגעפאַלן אויף אים, גענומען קושן אום מיט דורשט און מיט פאַרצווייפלונג. עס האָט אויסגעוויזן, אז מיט איר קושן האָט זי געמיינט, די גאַנצע קראַנקהייט זיינע אויסזויגן אָדער אין זיך אַריינזויגן.

מיין ברודערל, מיין יתומל, לעב נאָך, מיין טייער יאָסעלע! זיי געזונט, מיין עלנט נשמהלע, לערנען האָסטו געוואָלט און אזוי גוט געקאָנט!... לעב נאָך, יאָסעלע, איך וועל דיך שוין נישט אַוועקלאָזן, פון זיך נישט אַוועקלאָזן! ווי מיין אויג, ווי מיין האַרץ און ווי מיין לעבן דיך היטן... מיט מיר וועסטו זיין, יאָסעלע, אָדער איך וועל מיט דיר אויפן גאַס אונטערן בלויזן הימל זיך וואַלגערן ביז גאָט וועט אונדזער צער צוזען!... האָב רחמנות, גאָט אין הימל! שענק מיין ברודערל געזונט, שיק אים דיין

רפואה אַחער נעם מיך צו פאַר אים, פאַר יאָסעלען, אונדזער מאַמעס אײנציקע טרײסט און נחת, ביז איר לעצטער מינוט!... אוי מאַמע, מאַמע, וואָס שווײַגסטו?! וואָס בעטסטו פאַר דיר טײַער קינד נישט? פאַר יאָסעלען?

דאָס ווײַבל, וואָס איז דערבײַ געזעסן, האָט אײך געווײנט און געכליפּעט, הערנדיק שרעקלעכע טענות, יאָסעלע האָט אַ היבשע ווײַלע די אויגן אָפן געהאַלטן, געקוקט אויף שרעקלעך אַזוי טרויעריק, אַזוי לײדנדיק, אַז עס האָט זיך געדאַכט, ער רעדט צו איר, ער באַקלאָגט זיך פאַר איר אויף זײַנע יסורים, וואָס פּײַניקן אים איצט... באַלד אָבער האָבן זיך די אויגעלעך פאַרמאַכט. עס האָט אויסגעוויזן, ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן, ער שלאָפט געשמאַק, ער כראָפּעט אַפילו... נאָר ר׳ שואל, וואָס איז צום בעט צוגעקומען, האָט אינעם כראָפּען דערקענט, וואָס פאַר אַ שלאָף עס איז, ער האָט געגעבן אַ וווּנק יונהן, ער זאָל די נשים אַרויספירן. יונה אָבער, וואָס איז ווי אַ דערשלאָגענער געשטאַנען און אַן אויג נישט אַראָפּגענומען פונעם קראַנקן קינד, וועלכעס איז אים געווען אַזוי ליב און אַזוי טײַער געוואָרן, אַז ער וואָלט אײַן דער מינוט אַ האַלב לעבן אים אָוועקגעגעבן, האָט דעם וווּנק ר׳ שואלס נישט פאַרשטאַנען, און ר׳ שואל האָט אַלײן אָנגעהויבן רעדן:

— גײט שוין אַוועק פון אים נשים! ער האָט שוין זײַנע חשבון־נפש מיט אײַך געענדיקט, אויסגעצאָלט אַלע זײַנע חובות און זיך קורצן לעבן!... איצט גרײט זיך זיך נשמה'לע צו קומען באַלד אַהין פון וואַנען זי שטאַמט אַרויס. שטערט אים נישט, לאָזט אים רויִק שטאַרבן און גײט אַוועק, פירט זײ אַרויס, ר׳ יונה, און טראָגט אַרײַן אַ ליכט, עס וועט באַלד זײַן יציאת נשמה.

יונה, — וואָס איז ביז איצט ווי אַ תם בידערשלאָגן געשטאַנען, האָט זיך ווי פון אַ שווערן שלאָף אויפגעכאַפּט און האָט שרעקלעך מיט געוואַלט פון בעטל אַפּגעריסן, ווי אַ קלײן קינד אויף זײַנע דיזיקע הענט פון הקדש זי אַרויסגעטראָגן. דאָס ווילטער ווײַבל איז מיט שרעקלעך אויפן גאַס שטײן געבליבן און האָט צוגעהאָלפן דעם אומגליקלעכן שוועסטערל קלאָגן און וויינען. יונה האָט אַ פּאָר גראָשענע ליכטלעך אַרײַנגעטראָגן, אָנגעצונדן, געגעבן אײנס ר׳ שואלן און אײנס האָט ער אַלײן געהאַלטן, און האָט מיט טרערן די יציאת־נשמה דערוואַרט. יאָסעלע האָט זיך נישט פיל געמאַטערט, זײַן גאַנץ לעבן איז געווען אַזאַ מין גסיסה און לײַכטער ווי ער האָט געלעבט איז ער געשטאָרבן.

אין א שעה צייט האָט מען שוין יאָסעלען אַרויסגעטראָגן פון הקדש. די לוויה איז געווען נאָר פון עטלעכע געציילטע מענטשן: ר' שאול, יחנה, געצל שניידער איז אויך געקומען, א פּאָר שמשים, חוץ דעם שמש, וואָס האָט יאָסעלען אין א קינדערישן קעסטל געטראָגן מיט א רימען איבערן שולטער אַריבערגעלייגט.

מער ווי דאָס ווילנער וויבל מיט שרהלען, איז פון ווייבער קיינער נאָכן ארון נישט נאָכגעגאַנגען. שרהלע האָט זיך מיט אַלע כוחות געריסן, זיך צו באַפרייען פון ווייבלס הענט, וואָס האָט זי געפירט, איר האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן איר ברודערל פון דעם שמש, וואָס טראָגט אוועק איר האַרץ, איר קרויז, אַהין פון וואַנען עס קומט שוין קיינער נישט צוריק. לאָזט מיך צו מיין ברודערל! — האָט זי געשריגן — ער לעבט נאָך! ער איז נישט געשטאָרבן, ער האָט נישט געקאָנט שטאַרבן, מען האָט אויף אים אַלע מאָל נאָר א בלבול געמאַכט, און איצט איז אויך א בלבול... ער איז נישט געשטאָרבן, אוי לאָזט מיך... ניין, איך וועל נישט לאָזן אים אזוי יונג אין דער ערד אַריינלייגן.

א שמש האָט געמוזט צוהעלפן זי נישט צו צולאָזן צום ארון. דאָס ווייבל איז שוין אָן כוחות געבליבן.

אז מען האָט שוין יאָסעלען אין קבר אַריינגעלייגט, האָט זיך שרהלע ווי א ווילדע אַרויסגעריסן, איז צוגעפאַלן צום אָפענעם קבר און געשריגן: מיין ברודערל, מיין יאָסעלע, אוי יידן, זעט, ווי שיין ער איז! ער לעבט נאָך! האָט רחמנות, גיט מיר אים אוועק, איך האָב שוין מער גאָרנישט, גאָר נישט אין מיין לעבן!...

— געטרייער געטרייער, געטרייער קלאָגן, מיין טאָכטער! — האָט ר' שאול זי פאַרן האַנט אָנגענומענדיק געזאָגט: — דיין ברודערל איז געשטאָרבן... געשטאָרבן ווי עס שטאַרבט אַן אויסגעלייטערטער ריינער נפש. לאָז אים זיין רעכט טאָן, און זיי געטרייסט. דערמיט, וואָס נישט א יונגל א גנב ערגעץ, איז מען דאָ מקבר, נאָר א קליין קדושל, וואָס האָט פון זיין געבוירן־טאָג ביז זיין טויט געליטן פאַר פרעמדע זינד, פאַר פרעמדע רישעות!...

א פּאָר גרויסע טרערן, וואָס האָבן אין דער גאַנצער צייט, ביי דעם אַלטן פרומען ייִדן ווי פּאַרגליווערט אין די אויגן געפינקלט, האָבן זיך ענדלעך אַרויסגעריסן, זיך געקייקלט איבער זיינע איינגעפאַלענע, איינגעצויגענע באַקן, איבער זיין שניי־ווייסער באָרד, און זיינען גלייך אין אָפענעם קבר אַריינגעפאַלן.

קוקנדיק אויף ר׳ שואלן, האָט זיך אויך יונה וואסער־טרעגער צע־ווינט, און ר׳ שואלן האָט מי געקאָסט אים איינצושטילן.

אפשר בין איך שולדיק אין זיין יונגען טויט — האָט יונה קלאָגנ־דיק געכליפּעט — אזא קינד, אזא כשר ערלעכ קינד! ווי א מלאכל שיינט ער פון קבר ארויס! זיי מיר מוחל יאָסעלע איך האָב נישט געוואָלט חלילה שלעכטס טאָן דיר!

צו מעריב האָט יונה אין בית המדרש קדיש געזאָגט.

— א יאָר־צייט, יונה? — האָט מען פון עולם אים געפרעגט.

— ניין, נישט קיין יאָר־צייט, נאָך כיענע די מגידעסע, זאָג איך קדיש.

— ווו איז איר קדיש?

— איר קדיש איז שוין דאָרט, ביי איר אין גן עדן!

— דאָס יינגל כיענעס? דאָס גנבעל, מיינט איר, ר׳ יונה?

יונה האָט נישט געענטפערט און איז פון בית המדרש ארויס.

דער עולם האָט יונהן נישט פארשטאנען, געקוועטשט מיט די פלייצעס און געענטפערט: שיכור מן הסתם!

אז די קעכין האָט אויף מאָרגן פרי אָנגעזאָגט שיינדעלען, אז כיענעס יינגל, דאָס גנבעל, איז געשטאָרבן נעכטן אין הקדש, האָט שיינדעלע געענטפערט: „איידער גרויסערהייט אין אָסטראָג, איז אוודאי גלייכער קליינערהייט אין קבר! א כפרה זאָל ער זיין, רבונו של עולם, פאר מיין איינציק טייער קינד, פאר מיין בן יחיד לייבעלען, ביז הונדערט און צוואנציק יאָר!

---

## א

אביון — עוויון — אַן אָרעמאַן
אגיל ואשמה — אָגעל וועסמאַך — לעבעדיק און פריילעך
אוודאי — אַוואָדע — זיכער, געוויס
אהיזת עינים — אַכיזאַס אייִנאַיעם — פאַרבלענדעניש
אַ כלל — אַ קלאַל — קורץ, מיט איין וואָרט
אם ירצה השם — אים ירצע האַשעם — מיט גאָטס הילף
אָסור — אָסער — פאַרבאָטן, אַ מין שווערן
אפילו — אַפילע —
אפנים — אַ פּאָנעם — זעט אויס
אפשר — עפשער — מעגלעך
ארבע כנפות —אַרבע קאַנפעס — לייבצודעקל מיט וואָלענע פעדעם אין אַלע פיר עקן, וואָס עס טראָגן רעליגיעזע מענער.
אשה — אישע — אַ פרוי

## ב

בגדי מלך — ביגדיי מעלעך — קעניגלעכע קליידער
בגדימלעך — בגאָדימלעך — גאַרניטורלעך
בזיונות — ביזיוינעס — באַליידיקונגען
בחורים — באַכורים — נישט באַווייבטע, יונגטלעכע
בימה — בימע — באַלעמער אין שול
בית המדרש — בייס מעדרעש — געבעט־הויז
בנים — באָנעם — זין
בן יחיד — בען יאָכיד — איינציקער זון
בנאמנות — בענעמאָנעס — אויפן וואָרט, אַ מין שווערן
בעל טאקסע — באַלטאַקסע — פלייש־פאַכטער
בעל מחשבה — באַל מאַכשאָווע — דענקענדיקער מענטש
בעת מעשה — בייס מייסע — אין זעלבן מאָמענט
בעל גאווה — באַלגאַווע — גרויסהאַלטער

בעלן — באַלן — ליבהאָבער
בעל־חוב — באַלכויוו — שולדיקער
בפרט — ביפּראַט — באַזונדערס
ברוך הוא — באָרעך הו — געלויבט איז ער
ברוגזן זיך — ברויגעזן זיך — זיך בייזערן
ברירה — ברייוע — אויסוואַל
ברכה — בראָכע — ווונטש, בענטשונג
בשמחה רבה — בעשימכע ראַבע — מיט גרויס פרייד
בתשואות חן — ביטשועס כיין — מיט דאַנקבאַרקייט

## ג

גבורה — גווורע — שטאַרקייט
גדול — גאָדל — גרויסער מענטש
גוזר — גוזער געווען — באַפוילן
גזלן — גאַזלען — רויבער, באַנדיט
גמרות — געמורעס — טייל פון טאַלמוד.
גנב ידוע — גאַנעוו יאָדואַ — באַוווסטער גנב
גן־עדן — גאַניידן —
גסיסה — גסיסע — אַגאָניע
גר — גער — פרעמדער

## ד

דאגה — דייגע — זאָרג
דבורים — דיבורים — רייד
די והותר — דאי וייהוסער — איבער גענוג
דירה־געלט — דירעגעלט —
דיין אמת — דאַיען עמעס — וואָרהאַפטיקער ריכטער
דעה — דייע — מיינונג, דעצידירנדיק וואָרט
דרך־ארץ — דערעכערעץ — אַכטונג, אַפּשיי
דרשנען — דאַרשענען — האַלטן אַ רעדע

## ה

הדרכה — האַדראַכע — אויפפירונג
הוספה — הויסאָפע — צוגאָב
הזיק — העזעק — שאָדן
הכנעה — האַכנאָע — אונטערטעניקייט
הלוואי — האַלעוואי — זאָל נאָר אַזוי זיין
הן־צדק — ען־צעדעק — ערן־וואָרט
העזה — העאָזע — פרעכקייט
השגחה — האַשגאָכע — אויפזיכט

והא ראיה — וועהא ראַיע — און אַט אַ באַווייז
והוא רחום — וועהו ראַכעם — ער איז אַ דערבאַרימדיקער (אָונט־תפילה)

## ז

זכות — זכוס — פאַרדינסט
זכרון — זיקאָרן — פעיקייט פון געדענקען
זילזולים — זילזולים — באַליידיקונג
זמן — זמאַן — סעמעסטער, האַלב־יאָר

## ח

חבר — כאַווער — קאָלעגע
חברן זיך — כאַווערן זיך — זיין באַפריינדעט
חגא — כאָגע — קריסטלעכער יאָנטעוו
חדר — כעדער — רעליגיעזע שול
חומש — חומעש — ביבל
חידוש — כידעש — וואונדער
חובות — כויוועס — געלט פאַרשולדיקונגען
חושד זיין — כוישעד זיין — פאַרדעכטיקן
חלום — כאָלעם —
חלילה — כאָלילע — באַהיט זאָל מען ווערן
חלשות — כאַלאָשעס — שוואַכקייט
חסד — כעסעד — גנאָד
חסידיזם — כאַסידיזם — רעליגעז־פאַנאַטישע סעקטע
חצופה — כאַצופע — פאַרשייטע
חרמות — כאַראָמעס — שעלטערייען
חרפה — כאַרפע — אַ שאַנד
חשבונות — כעשבוינעס — רעכענונגען
חישוך בנים — כיסעך באָנים — קינדערלאָזער

## ט

טעם — טאַם — געשמאַק, אורזאַך, מאָטיוו
טענהט —טאַנעט — דערווידערט

## י

יהא־שמה־רבא — יעהיי שמיי ראַבאָ — זאָל זיין זיין נאָמען געגרויסט
יושר — יושער —
יום־הדין — יאָם הדין — דער טאָג פון מישפּעט
ימח שמה — יימאַך שעמאָ — אויסגעמעקט זאָל ווערן איר נאָמען
יסורים — יעסורעם — ליידן, ווייטיקן

יציאת נשמה — יעציעס נעשאָמע — דאָס אויסגיין
ישועה — יעשוע — הילף
ישוב־הדעת — ישווו האַדאָס — דאָס איבערלעגן זיך
ישיבה — יעשיווע — רעליגיעזער לערן־אַנשטאַלט

## כּ

כּדאי — קעדאַי — עס לוינט
כּוח — קויעך — קראַפט
כּזית — קעזאַיעס — ווי אַן איילבירט די גרויס
כּל עבודת פּרך — קאָל אַוווידעס פּערעך — אַלע שווערע אַרבעטן
כּל טוב — קאָל טויוו — אַלדאָס גוטס
כּל־בו — קאָל בוי — וואָס אין קאָרט, פּעיק צו אַלץ
כּלומרשט — קלוימערשט — אַזוי צו זאָגן
כּמעט — קימאַט — שיִר
כּנגד זה — קענעגעד זע — אַקעגן דעם
כּנדבת לבו — קענידוואַס ליבוי — לויטן באַגער פון האַרץ
כּעס — קאַס — צאָרן
כּפל כּפלים — קייפל קייפלאַיִם — עטלעכע מאָל אַזוי פיל
כּשר — קאָשער — ערלעך, ריטועל דערלויבט
כּתב — קסאַוו — שריפט, אָפּמאַך

## ל

לאיבוד — לעאיבוד — פאַרלירן גיין
לא־עליכם — לוי אַלייכעם — נישט פאַר אייך געדאַכט
להכעיס — לעהאַכעס — צום פאַרדרוס
לכל הדעות — לעכאָל האַדייעס — לויט אַלעמענס מיינונגען
למדן — לאַמדען — לערנער

## מ

מאריך ימים זיין — מאַרעך יאָמים זיין — האָבן אַ לאַנג לעבן
מבטיח זיין — מאַווטיעך זיין — צוזאָגן
מבין — מייווין — פאַרשטענדיקער
מגדל זיין — מעגאדל זיין — דערציען
מגיד — מאַגעד — פּרעדיקער
מגע ומשא — מאַגע אומאַסע — קאָנטאַקט, באַציונג
מידה מגונה — מידע מעגונע — מיאוסע אייגנשאַפט
מהלך רב — מאַלעך ראַוו — גרויסע שטרעקע
מופלג — מופלעג — ווייל לערנער
מזבח — מיזבייעך —
מזומן — מעזומען — באַרעס געלט
מזלדיק — מאַזלדיק — גליקלעך

מחלה — מאַכלע — קראַנק
מחשבה — מאַכשאַווע — געדאַנק
מטופל — מעטופּל — באַלאַסטעט
מטבעות — מאַטבייעס — מאַנעטעס
מיישב זיין — מעיאַשעוו זיין — באַטראַכטן
מי יודע — מי יודייע — ווער ווייסט
מיתה — מיסע — טויט
מיתה משונה — מיסע מעשונע — אומנאַטירלעכער טויט
מכבד זיין — מעכאַבעד זיין — אויפנעמען, באַערן
מכות — מאַקעס — געשווירן
מלאך — מאַלעך — גאָטס באַדינער
מלאך המות — מאַלעך האַמאָוועס — דער מאַלעך פון טויט
מלמד — מעלאַמעד — לערער
ממש — מאַמעש — פּאַקטיש, קאָנקרעט
מניעה — מעניע — שטערונג
מן הצד — מין האַצאַד — פון דער זייט, זייטיק
מסכים — מאַסקעם — איינגיין
מסירה — מעסירה — דערטראָגן אין געהיים
מעשה נורא — מייסע נוירע — אויסטערלישע געשעעניש, שרעקלעכע
מעשה שטן — מייסע סאָטן — אויף צעלאָכעס געשיכטע
מעריב — מײַרעוו — אָוונט־טפילע
מעורר זיין — מעאוירער זיין — וועקן
מפיים זיין — מעפּאַיעס זיין — איבערבעטן
מפלה — מאַפּאָלע — דורכפאַל
מציאה — מעציע — געפונענע זאַך, ביליקע זאַך
מצדיק את הדין — מאַצדיק עס האַדין — באַרעכטיקן
מצווה — מיצווע — רעליגיעזער געבאָט, גוטער טאַט
מקדים זיין — מאַקדים זיין — פעדערן זיך, פאָרויסגיין
מקנא — מעקאַנע — נישט פאַרגינען
מקרב זיין — מעקאָרעוו זיין — דערנענטערן
מרוצה ווערן — מערוצע ווערן — ווערן איינשטימיק
משוגע — מעשוגע — צעמישט
משרת — מעשאָרעט — באַדינער
מתחייב זיין — מיסכאַיעוו זיין — זיך פאַרפליכטן

# נ

נאמן — נעמאַן — באַגלויבטער
נגיעה — נעגיע — שייכעס
נחמה — נעכאָמע — טרייסט
נחת — נאַכעס — פאַרגעניגן
נגיד — נאָגעד — רייכער

ניגון — ניגן — מעלאָדיע
נכנע — ניכנע — אונטערטעניק
נסים — ניסעס — װוּנדער
נסיון — ניסאָיען — פּרווו
נפלא — ניפלע — װוּנדערלעך
נפשותלעך — נעפאַשעסלעך — נשמהלעך — נעשאָמעלעך
נשים — נאָשעם — פרויען

## ס

סוף גנב לתליה — סאָף גאַנעוו לעטליע — אויפן גאַנעוו וואַרט די שטריק
סידור — סידער — געבעט־בוך
סך — הכל — סאַכאַקל — צוזאַמען
סכנות נפשות — סאַקאָנעס נעפּושעס — לעבנס־געפערלעך
סם — סאַם — גיפט
סעודת הבראה — סודאַס האַװראָע — טרויער־מאַלצייט
ספור — סיפּער — דערציילונג
ספרים — סעפאָרים — ביכער

## ע

עבודה זרה — אַװוידע זאָרע — געצנדינערײ
זאָגן עברי — איווּרע — קאָנען לייענען
עון פלילי — אָוועון פּלילי — קרימינעל פאַרברעכן
עולם הבא — אוילעם האַבע — יענע וועלט
עין הרע — איִען האָרע — „גוט אויג"
עיקר — איקער — הויפּט זאַך, פּרינציפּ
על — כן — אַלקיין — דעריבער
עליה השלום — אָלעאָ האַשאָלעם — פרידן צו איר
על צד היותר טוב — אַל צאַד האיוסער טאָוו — אויפן בעסטן אופן
על־פּי־טעות — אַל פּי טאָעס — דורך אַ פאַרזען
עמוד — אָמעד — שטענדער
עסקים — אסאַקעס — געשעפטן
עקדה — אַקיידע — אָפּפער
ערב זיין — אַרעוו זיין — גאַראַנטירן
עשו — אייסעוו — נאָמען פון יעקבס ברודער

## פּ

פּדיון שבוים — פּידיען שוואָיִם — אויסלייזן געפאַנגענע
פּועל — פּויעל — געזעל
פּוגע בכבוד זיין — פּוגייע בעקאָוועד זיין — באַליידיקן
פּועלן — פּויעלן — דערגרייכן
פּסח — פּייסעך — נאָמען פון אַ יידישן יאָנטעוו

פעולה — פולע — ווירקונג
פשט — פשאַט — טייטש

## צ

צדיק — צאַדיק — גערעכטער, פרומער, חסידישער רעבע
צדה לדרך — ציידע לאַדערעך — שפייז אויפן וועג
צרות — צאָרעס — אומגליקן

## ק

קבר — קעווער — גרוב
קבצן — קאַבצען — אָרעמאַן
קדושל — קאַדעשל — הייליקער
קללות — קלאָלעס — שעלטערייען
קליפה — קליפּע — בייזע, נישט גוטע קראַפט
קצב — קאַצעוו — פליישער
קרוב — קאָרעוו — פריינט
קריאת שמע — קריעס שמא — געבעט פאַרן שלאָפן
קרבן —

## ר

ראש חודש — רויש כוידעש — אָנהייב מאָנאַט
רבונו של עולם — ריבוינע שעל אוילעם — גאָט, האַר פון דער וועלט
רגל-געלט — רעגל־געלט — יאָנטעוו־געלט
רגע — רעגע — מינוט
רוצחים — ראָצכים — מערדער, באַנדיטן
רחמים — ראַכמים — דערבאַרעמקייט
רחמנות — ראַכמאָנעס — באַרעמהאַרציקייט
רעה — ראע — שלעכטע
רפואה — רעפּוע — היילונג
רצון — ראָצן — דער ווילן

## ש

שאלות — שאַלעס — אָנפראַגעס
שבועות — שאַוועס — שווערן זיך, יידישער יאָנטעוו
שבעה — שיווע — זיבן טרויער טעג
שוחט — שויכעט — דער וואָס קוילעט
שטן מקטרג — סאָטן מעקאַטרעג — שלעכטער מאַלעך וואָס באַשולדיקט
שכן — שאָכן — מיטוווינער
שכר-לימוד — סכאַר לימעד — לערנגעלט, שול־אָפּצאָל
שכירות — סכירעס — לוין

שיכור — שיקער — באַטרונקענער
שכיר — יום — סכיר יום — טאָג־אַרבעטער
שכל — סייכל — פאַרשטאַנד
שלום — שאָלעס — פרידן
שמש — שאַמעש — באַדינער
שם — שעם — אַ נאָמען
שמחה — סימכע — פרייד
שנאה — סינע — פיינדשאַפט
שפלה — שיפלע — געפאַלענע
שקר — שעקער — פאַלשקייט
שקצים — שקאָצעם — לאָבוזעס

## ת

תולדות — טוילדעס — לעבנס־געשיכטע
תחנונים — טאַכנונעם — געבעט
תירוץ — טערעץ — פאַרענטפערונג
תכלית שנאה — טאַכלעס סינע — פאַרביסענע פיינדשאַפט
תלמידים — טאַלמידעם — שילער
תל — אַ טעל מאַכן — פאַרניכטן
תמימות — טמימעס — פשוטקייט
תם — טאַם — נאַאיווער, נאַר
תנאי — טנאַי — באַדינג
תנא ברא — טאַנע באָרע
תענוג — טיינעג — פאַרגעניגן
תפיסה — טפיסע — פעיקייט צו באַנעמען, אַרעסט־הויז, קרימינאַל
תרבות — טאַרבעס — קולטור, בילדונג
תשוקה — טשוקע — באַגער, שטרעבונג